יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
סעריע „אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט", נומער 6

# וואָס איז אַזוינס יידישע עטנאָגראַפיע?

(האַנטביכל פאַר זאַמלער)



(דריטער טויזנט)

ווילנע / 1931

די ביזאַהעריקע טעטיקייט פון דער עטנאָגראַפישער קאָמיסיע פון ייוו״א האָט געוויזן, אַז קיין פּאַרטיקע זאַמלער זיינען כמעט ניטאָ; מען דאַרף זיי אויסבילדן. אַ גרויסער טייל קאָרעספּאָנדענץ, וואָס די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע האָט געפירט, איז געווען געווענדט טאַקע אין דער ריכטונג פון אויסשולן אירע מיטהעלפער; און טאַקע אויפן סמך פון דער דאָזיקער פּראַקטיק איז צונויפגעשטעלט דאָס איצטיקע האַנטביכל. עס זיינען דאָ גענומען אין אַכט די ספקות, מיט וועלכע די זאַמלער קומען אָפּט צו אונדז, און ווי ווייט עס איז מעגלעך צו טון דאָס אין אַ פּאָפּולערער פאָרם און אויף אַ באַגרענעצטן אָרט, האָבן מיר געפּרוּווט די שאלות און קשיות פאַרענטפערן. מיר פאַרהאָפן, אַז דאָס ביכל וועט קלערער מאַכן פאַר די אַלטע מיטהעלפער זייער אויפגאַבע און וועט אונדז איינברענגען אויך אַ סך נייע זאַמלער.

די בראָשור איז צונויפגעשטעלט פון נ. וויינייג און ח. כאַיעס ביי דער מיטווירקונג פון מ. וויינרייך.

בנוגע דער טערמינאָלאָגיע פון עטנאָגראַפיע (ז׳ 24 א״וו) בעטן די צונויפשטעלער נעמען אין אַכט, אַז ס׳איז ניט מער ווי אַ פּרוּוו, פאַר וועלכן בלויז זיי ביידע טראָגן די אַחריות. עווענטועלע אָנווייזן און תיקונים וועלן מיט דאַנק גענומען ווערן אין אַכט.

די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע פון דעם
יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

פעברואר 15, 1929.

# תיקון־טעות

אויף דער זייט 18 דאַרף אַנשטאָט ש. לעהמאַן: מלחמה־וויצן זיין:

ש. לעהמאַן: די אייראָפּעאישע מלחמה, אַ זאַמלונג פון יידישע פאָלקס־ווערטלאַך, אַנעקדאָטן, רמזים, בריוו, גראַמען, לידער, מעשיות און לעגענדעס, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער צייט פון קריג. „לעבען״, העפטען פון צייט צו צייט פאַר ליטעראַטור, קונסט און פובליציסטיק אונטער דער רעדאַקציע פון משה שאַליט, פון די מלחמה־יאָרן I, ווילנע 1922 ז״ז 5 — 28. — ש״ס ראָמאַן: לידער און גימטריאות, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער וועלט־מלחמה, דאָרט ז״ז 105—108.

# וואָס איז אויסן
# די עטנאָגראַפיע?

געוויינטלעך איז עס אַזוי, אַז זאַכן, וואָס זייער זינען אָדער ווערט איז אונדז ניט באַקאַנט, זיינען מיר נוטה גרינגצושאַצן אָדער מיר פאַרזעען זיי אינגאַנצן. דאָס רוב פון אונדזער אינטעליגענץ פאַרשטייט נאָך היינט ניט די וויכטיקייט פון זאַמלען און אויפהיטן די יידישע פאָלקסשאַפונג און קוקט מיט אַ ביטול אויף אָט דער אַרבעט. ביים פאָלקסמענטש ווידער דריקט זיך דאָס אויס אין אַ חשד אָדער אַן אומצוטרוי. נאָך היינט קוקט דער פויער מיט אַן אומרויִק געפיל אויפן באָטאַניקער, וואָס קלייבט בלומען אויפן פעלד, צי אויפן געאָלאָג, וואָס קריכט אויף די בערג און זאַמלט שטיינדלעך אין אַ זעקל. צוליב דעם זעלבן טעם וויל דער פאָלקסמענטש אַזוי ניטגערן דערציילן צי אויפזינגען עפּעס. די בבא-מעשיות, ווייסט ער, זיינען גוט נאָר פאַר קינדער; אַ מענטש, וואָס קוקט אַריין אין די ביכער, וועט צו אַזעלכע זאַכן קיין אויער ניט צולייגן, סיידן זיך אַ ביסל פריילעך מאַכן. אָבער צו וואָס דאַרף מען עס פאַרשרייבן? זיינען שוין טאַקע נישטאָ קיין בילכערע זאַכן? ניט אַנדערש מען וויל אים אויסלאַכן און פאַר דער וועלט נאַריש מאַכן. ניט איינמאָל בלייבט דער זאַמלער שטיין און ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן, אַז מען גיט אים אַ פרעג: צו וואָס דאַרף מען אָט די אַלע נאַרישקייטן?

*

דיקע ביכער ווערן געדרוקט וועגן דעם לעבן פון די גרויסע שטעט, זייער קולטור און זייערע פאַרוויילונגען. אָבער וואָס טוט דער פאָלקסמענטש אינעם פאַרוואָרפענעם קליינעם שטעטעלע, אינעם פינצטערן שטאָטישן הינטערגעסל, וואָס לייענט ניט קיין צייטונג, ניט קיין ביכער, גייט ניט אין טעאַטער און הערט ניט קיין מוזיק? מיר ווייסן וועגן דעם זייער ווייניק.

די עטנאָגראַפיע[1] וויל אויספילן דעם בלויז. מיר ווייסן, אַז זייענדיק אָפּגעריסן פונעם מאָדערנעם לעבן, אָפּגעזונדערט און אָפּגעשלאָסן אינעם קליינעם

1. עטנאָגראַפיע איז אַ גריכיש וואָרט; אויף יידיש קען מען דאָס איבערזעצן פאָלקסקענטשאַפט (עטנאָס—פאָלק, גראַפיין—שרייבן).

שטעטל צי דערפל, האָט זיך דער פאָלקסמענטש אויפגעבויט אַן אייגענע, אייגנ־אַרטיקע קולטור. ער שטודירט ניט קיין מעדיצין, נאָר ער האָט זיך זיינע אייגענע סגולות און רפואות, האָט זיינע אייגענע דערקלערונגען אויף פאַרשיידענע נאַטור־דערשיינונגען. ער לייענט ניט קיין ראָמאַנען, נאָר ער האָט זיך זיינע אייגענע מעשה־דערציילער, פאָלקסזינגער. ער גייט ניט אין טעאַטער, נאָר ער האָט זיך זיינע אייגענע פאַרווײַלונגען, פאָלקסשפּילן אאַז"וו.

פון וואַנען האָט ער דאָס אַלץ געגומען?

נאָכפרעגנדיק זיך אויף אַ טייטש פון אַ מנהג טרעפן מיר זיך אָפט מיט אַזאַ ענטפער: מיין טאַטע האָט אויך אַזוי געטאָן. מען דערציילט אָפטמאָל אַ מעשה, וואָס האָט געטראָפן מיטן פאָטער אָדער מיטן זיידן, כדי צו באַקרעפטיקן דעם גלויבן אָדער דעם מנהג. מיט איין וואָרט: דער פאָלקסמענטש האָט געלעבט און לעבט נאָך היינט מיט דער טראַדיציע, וואָס ווערט אויפגעהיט און איבערגעגעבן פון דור צו דור. די טראַדיציע איז פאַר אים דאָס בוך, די שול, פון וואַנען ער שעפּט זיינע ידיעות, אַ קוואַל פון אַ גרויסער לעבנס־געניטשאַפט, וואָס זיינע זיידעס האָבן אים איבערגעגעבן בירושה, און ער באַרייכערט זי מיט זיינע באַטראַכטונגען און גיט זי ווייטער איבער זיינע קינדער.

די טראַדיציע איז הייליק. זי ווערט נאָר גאַנץ פּאַמעלעך געענדערט און לעבט אַזוי איר אייגנאַרטיק לעבן הונדערטער יאָרן. די זיידענע זשופּעצע, פון וועלכער ס'לאַכט אָפט אָפּ דער פּוילישער אינטעליגענט, איז דאָך ניט מער ווי אַן אַלט פּויליש בגד, וואָס יידן האָבן איבערגענומען און דערהאַלטן ביז היינט. און אַזוי איז אויך מיט אַנדערע מנהגים. זיי גיבן אונדז אַמאָל איבער מער און לעבעדיקער איידער ס'דערציילן די איבערגעבליבענע דאָקומענטן. אַזוי צ"ב איז נאָך ביז היינט פאַרבליבן אין אַ טייל שטעט פון פּוילן דער מנהג פון הייצן די אויוונס צום סדר ערב פּסח; דאָס זאָל זיין אַן אָנדענק פון די בלוט־בילבולים וואָס פלעגן אַלעמאָל פאָרקומען אין יענער נאַכט.

די מנהגים, לידער און מעשיות, וואָס לעבן נאָך היינט ביים פאָלק, גיבן אונדז איבער בולט די שטימונגען פון לאַנג פאַרגאַנגענע עפּאָכעס. אָט צוליב וואָס מיר מוזן אויספאָרשן געגוי דאָס לעבן פונעם פאָלקסמענטש, אַלץ וואָס איז נאָך צו אונדז דערגאַנגען מיטן כוח פון דער טראַדיציע.

אַנדערע פעלקער האָבן שוין לאַנג אַ סך אויפגעטאָן אויף דעם געביט. גרויסע בנינים זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אויף אויפצוהיטן יעדעס קלענסטע ברעקעלע, וואָס קען נאָר דערציילן פונעם עבר (און וואָס קען ניט דערציילן דעם ערנצטן פאָרשער?): אַלטפרענקישע בגדים, מוסטערן פון שטיבער, אינעווייניק און פון דרויסן, שטוביקע געגנשטאַנדן, כלים, פאַרצירונגען, מוסטערן פון אַמאָליקע געבעקסן, אאַז"וו אאַז"וו. ס'ווערן אַרויסגעגעבן גרויסע זאַמלונגען פון פאָלקס־ניגונים, לידער, מעשיות, שפּילן, טענץ א"אַנד. פאָרשער זוכן יאָרנלאַנג אַ פאַרגעסענעם מאָטיוו, אַ פערז פון אַ ליד.

זייער אַ גרויסע אַרבעט וואָרט אויף אונדז. אַ סך איז שוין צעריבן געוואָרן פון דער מאָדערנער קולטור, אַ סך איז פאַרטריבן געוואָרן אין די פאַרוואָרפנסטע שטעטלעך און ס'גוססט דאָרט. מיר מוזן אויפקלייבן וואָס מען קען נאָך ראַטעווען.

אַט דערמיט גיט זיך אָפּ די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

די ביבליאָגראַפיע, וואָס מיר גיבן אין דעם איצטיקן ביכל, האָט ניט בדעה אויסצושעפּן די טעמע. זי האָט בלויז דעם צוועק מיטצוהעלפן דעם לייענער און דעם זאַמלער זיך צו אָריענטירן. עס ווערן דעריבער אָנגערופן בלויז אַרבעטן אין יידיש, און דאָס אויך נאָר אין אַן אויסוואַל. אין דעם זשורנאַל „יידישע פילאָלאָגיע", וואַרשע 1924 (דאָ פאַרקירצט: ייד״פיל), אין די פילאָלאָגישע שריפטן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (דאָ פאַרקירצט: פיל' שריפטן פון ייוו״א), אין דעם אַמעריקאַנער „פּנקס" פון ייוו״א, אין דער מינסקער „צייטשריפט" אאַז״וו קען מען געפינען נאָך אַ סך מאַטעריאַל וועגן יידישער עטנאָגראַפיע.

ניט אין יידיש זיינען די וויכטיקסטע זאַמלונגען: „מיטטיילונגען צור יידישען פאָלקסקונדע" (דייטש) און „רשומות" (העברעיש).

אַנ—סקי, ש: די יידישע פאָלקסשאַפונג, סעפּאַראַטער אָפּדרוק פון דעם פּעדאַגאָגישן חודש-זשורנאַל „די נייע שול" פאַרל' פון דער ייד' צענטר' שול-אָרגאַניזאַציע, ווילנע 1921, 38 זייטן. — אַנ—סקי, ש: געזאַמלטע שריפטן, פופצנטער באַנד, פאַרלאַג אַנסקי, ווילנע—וואַרשע—ניו-יאָרק [1927] L+268 זייטן.

# דער שטאָף פון דער יידישער עטנאָגראַפיע

## עטנאָגראַפישע גרופּעס

דער יידישער שטאַם האָט אויסגעטיילט פון זיך במשך פון זיין היסטאָרישער אַנטוויקלונג פאַרשיידענע גרופּעס, וואָס שיידן זיך אונטער צווישן זיך: פון איין זייט די גרויסע גרופּע אשכנזים, פון דער צווייטער זייט די ספרדים און די ווייניקער אָדער מער עקזאָטישע גרופּעס, ווי תימנער, בוכאַרער, קאַווקאַזער, כינעזישע יידן אאַז״וו.

די דאָזיקע גרופּעס האָבן אויסגעבילדעט, יעדע באַזונדער, זייער אייגנאַרטיק לעבן; טיילווייז לעבן זיי מיט דער ירושה פון דעם אַלטן יידישן שטאַם, צום טייל אויך אונטער דעם איינפלוס פון די שכנים און די אַרומיקע פאַרהעלטענישן.

טעאָרעטיש באַטראַכט נעמט הייסט עס די יידישע עטנאָגראַפיע אַרום די לעבנספאָרמען פון די אַלע יידישע גרופּעס. אָבער פאַרמעסטן זיך אויף דעם אַלעם וואָלט הייסן פאַרמעסטן זיך צו ברייט. מיר באַגרענעצן דעריבער דער-

ווײַלע דעם שטח פֿון אונדזער עטנאָגראַפֿישער אַרבעט. די טעריטאָריע פֿון אונדזערע עטנאָגראַפֿישע פֿאָרשונגען איז אין דעו ערשטער ריי די טעריטאָריע פֿון דער יידישער שפּראַך.

דאָס גופא שטעלט שוין אויך אַוועק געווג שווערע אויפֿגאַבעס צוליב דער צעשפּרייטקייט פֿון די יידיש־רעדנדיקע מאַסן איבער דער גאַנצער וועלט, צווישן פֿרעמדע פֿעלקער און אַנדערשאַרטיקע עטנאָגראַפֿישע קיבוצים, וואָס האָבן בלי שום ספק געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף יידן. נישט אַריינגייענדיק טיפֿער, איז כּדאַי בלויז אָנצוווייזן כאָטש אויף די חילוקים, וואָס זיינען פֿאַראַן למשל צווישן די פּוילישע, ליטווישע און גאַליציאַנער יידן, אָדער גאָר צווישן גאַליציאַנער און אונגאַרישע יידן, אָדער אַפֿילו איצט אויף דעם מערב־גרענעץ פֿון פּוילן, צווישן די יידן אין שטעטל קאָנין, וואָס האָט בולט געהערט צום פּויזנער השפּעה־קרייז, און צווישן אירע גאָר נאָענטע שכנים פֿון קאָנגרעס־פּוילן.

נישט נאָר דער פּראָצעס איז פֿאָרגעקומען אינעם יידישן לעבן, נאָר אויך איינצייטיק אַן אַנדערער. ערטערווייז האָבן מיר צו טון מיט פֿאַרדאַרטע אָדער כּמעט פֿאַרדאַרטע צווייגן פֿונעם יידישן פֿאָלק. אַזעלכע גרופּעס ווי די יידן פֿון האָלאַנד, פֿון עלזאַס, ביימען, מערן, פּויזן האָט דער היסטאָרישער פּראָצעס ניוועלירט, און זיי לעבן נישט מער אַזאַ טעטיק לעבן ווי דער גרויסער קיבוץ מזרח־יידן.

דאָס באַטייט, אַז אויך צווישן די יידיש־רעדנדיקע יידן טיילן זיך אויס באַזונדערע גרופּעס, וואָס האָבן געפֿירט און פֿירן זייער אייגנאַרטיק לעבן. דער חילוק איז נישט אָן באַטייט פֿאַר דער עטנאָגראַפֿישער אַרבעט. מיר קענען זיי נישט אָנרופֿן עטנישע גרופּעס, ווייל די סימנים פֿון זייער פֿונאַנדערטיילונג זיינען נישט ביז גאָר שאַרף, דאָך האָבן מיר דאָ, אינעם ראַמען פֿונעם מזרח־אייראָפּעיִשן יידישן קיבוץ, אַזוינע טיילן, וועלכע מען מוז באַטראַכטן, צוליב זייערע אָפּשייד־סימנים און צוליב אַ געוויסער מעטאָדיק אין דער אַרבעט, אַלס עטנאָגראַפֿישע גרופּעס.

אַזוי־ערנאָך וועלן מיר קענען אונטערשיידן אַזעלכע עטנאָגראַפֿישע גרופּעס, ווי: די ליטווישע, ווייסרוסישע, פּוילישע, אוקריינישע, מזרח־גאַליציִשע, מערב־גאַליציִשע, וואָס ס׳איז צווישן זיי פֿאַראַן נישט בלויז אַן אונטערשייד אין דיאַלעקט. פֿון צווישן זיי וועלן מיר נאָך קענען אויסטיילן קלענערע אונטער־אָפּטיילונגען.

און כאָטש עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די דאָזיקע גרופּעס האָבן אַ סך געמיינזאַמס, דאָך איז פֿאַר דער עטנאָגראַפֿיע אינטערעסאַנט צו וויסן, אין וועלכער מאָס די גרופּעס קאָנסערווירן געוויסע באַזונדערקייטן.

די אַרבעט אין דעם דאָזיקן פּרט ביי יידן איז אַ סך שווערער, ווי ביי אַנדערע פֿעלקער, צוליב דעם, וואָס ס׳איז שווערער דאָ אָנצווענדן דעם טע־ריטאָריאַלן פּרינציפּ. אַנדערע פֿעלקער האָבן איינגעפֿונדעוועטע גרופּעס, וואָס לעבן כּסדר אויף איין שטח, און דער עטנאָגראַף פֿאָרשט אויס דעם

לעבנס־שטייגער זייערן אין אַלע הינזיכטן און גיט מאָנאָגראַפיעס פון איינצלנע קאַנטן אָדער ישובים. דער פוילישער עטנאָגראַף קאָלבערג האָט אין 38 בענד צונויפגעזאַמלט דעם עטנאָגראַפישן פאַרמעג פון דער פוילישער טעריטאָריע, לויט דער געאָגראַפישער צעטיילונג, ווי קראָקעווער קאַנט, פויזן, לובלינער קאַנט וכד׳. ביי אונדז איז דאָס אַ ביסל שווערער, און דער סיסטעמאַטיקער וועט נאָך מוזן פעסטשטעלן, אויף וויפיל עס גילט ביי אונדז דער טעריטאָריאַלער סימן. דערווייל מוזן מיר פאָדערן פון די זאַמלער, זיי זאָלן אומבאַדינגט גענוי אָנווייזן, פון וואַנען עס שטאַמט דער מאַטעריאַל, וואָס זיי פאַרצייכענען.

## סאָציאַלע גרופעס

יעדע עטנאָגראַפישע גרופע טיילט זיך ווידער אין פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן.

פריער פאַר אַלץ גייען פראָפעסיאָנעלע גרופירונגען.

עס איז באַוווסט, אַז די באַזונדערע פראָפעסיאָנעלע גרופירונגען האָבן אַפילו זייערע באַזונדערע קלויזן אָדער מנינים. און זיי פאַרמאָגן נישט נאָר טיילמאָל זייער אייגענעם לשון און טערמינאָלאָגיע, נאָר אויך מנהגים, זאַבאַבאָנעס, ווערטלעך, אַנעקדאָטן. ס׳איז באַקאַנט דאָס לידל וועגן דעם, ווי ס׳קומט אין אַ שטעטל אַ חזנדל אויף שבת, און יעדערער פון די בעלי־מלאָכות טייטשט אויף זיין אופן און לויט זיין אויפפאַסונג דעם שטייגער דאַוונען פונעם חזן.

פון דידאָזיקע פראָפעסיאָנעלע גרופירונגען לאָמיר דערמאָנען קרעמערס, מאַרק־זיצערינס, יאַריד־סוחרים, אַלטוואַרג־סוחרים, שניידערס, שוסטערס, קצבים, באַלעגאָלעס.

עס איז נאָך ווייניק אויסגעפאָרשט געוואָרן דער שטייגער לעבן פון אַזעלכע גרופעס ביי אונדז. אַ סך מאַטעריאַל געפינט זיך אַגב אויך אין דער יידישער ליטעראַטור.

י. עלזעס: דער וואונדער־אוצר פון דער יידישער שפראַך, II: מלאָכות און בעלי־מלאָכות, ווארשע 1920, 42 ז׳. — נ[ח] פ[רילוצקי]: קרעמער־לשון, יד״פיל ז׳ 93. — י. ריווקינד: דער בעל־מלאָכה אין אַן אַלט יידיש ליד, פיל׳ שריפטן פון ייװ״א I, ז״ז 41 — 56 (ס׳האָט אַן עטנאָגראַפישן אינטערעס, הגם ס׳געהער בעצם צו ליטעראַטורגעשיכטע). — י. כּץ: טערמינאָלאָגיע פון סטאָלערײַ, דאָרט ז״ז 211 — 218. — ש. ווינטער: צו דער טערמינאָלאָגיע פון מלאָכות, פיל׳ שריפטן פון ייװ״א II, ז״ז 415 — 424. — א. טריוואַקס: בעל־עגלה־לשון, ביי אונדז יידן, ז״ז 172 — 173.[1]

1. אויף דעם געביט פון פאַך־שפראַכן באַגעגנט זיך די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע מיט דער טערמינאָלאָגישער קאָמיסיע פון ייװ״א, וועלכע האָט שוין אין איר רשות היפש מאַ־

אַן אָביעקט פאַר עטנאָגראַפישער פאָרשונג זיינען אויך אַקטיאָרן, שול־קינדער, קינדער פון פאַרשולעלטער, ישיבה־בחורים אאַז״וו — און בכלל יעדער קאָלעקטיוו, וואָס פירט אין אַ גרויסער מאָס אַ לעבן פאַר זיך, מיט אייגענע פאַראינטערעסירונגען און אייגענע נאָרמען. אין די ביזאַהעריקע זאַמלונגען פון ייוו״א פאַרנעמט די אָפטיילונג „קינדער־שאַפונג״ אַן אָנזיכטיקן אָרט, אָבער מען דאַרף זאַמלען נאָך און נאָך.

ש. לעהמאַן: די קינדערוועלט, ביי אונדז יידן, ז״ז 111 — 149. — אין פויליש איז פאַראַן אַן אַרבעט פון רעגינע ליליענטאַל: Dziecko żydowskie, אַרויסגעגעבן 1927 פון דער קראָקעווער אַקאַדעמיע, 97 ז׳. — מ. שוויד, אַקטיאָרן־שפּראַך, אַמער׳ פּנקס פון ייוו״א I, ז״ז 257 — 259.

אַן אינטערעסאַנטע גרופּירונג איז די, וואָס מען קען זי אָנרופן „אונטער־וועלט״ אָדער „לומפּן־פּראָלעטאַריאַט״; ס׳איז אַ שיכט פאַר זיך, וואָס באַשטייט אי פון דעקלאַסירטע, אי פון פּראָפעסיאָנעלע עלעמענטן.

ניט ווייט פון גרענעץ פון דער דאָזיקער גרופּירונג שטייען שוין די קלעז־מער. זייער לעבן האָט ביז אַהער אַמבעסטן באַשריבן שלום־עליכם אין זיין „סטעמפּעניו״.

וועגן קלעזמער איז פאַראַן אַ קאַפּיטל אין י. עלזעטס „וואונדעראוצר״. אַ ווער־טערבוך פון זייער שפּראַך גיבן א. טריוואַקס אין ביי אונדז יידן, ז״ז 167—171 און נח פּרילוצקי: לשון הכלי־זמרים בפּולניה, רשומות I, ז״ז 272 — 291.

פון דער אייגנטלעכער אונטערוועלט האָבן דערווייַלע אַממערסטן אויפ־מערקזאַמקייט צוגעצויגן די גנבים. דער דאָזיקער אינטערעס האָט טיילווייז גע־האַט זיין מקור גיכער אין אַ ראָמאַנטישן סענטימענט, איידער אין אַ ריין וויסנ־שאַפטלעכן דראַנג. אין דער ליטעראַטור האָט זיך דער גנבים־שטייגער אָפּגע־שפּיגלט ביי ש. אַש („מאָטקע גנב״) און ביי פּ. בימקאָן („גנבים״).

וועגן דער יידישער גנבים־שפּראַך (אָדער ווי מען רופט דאָס אַנדערש „הענטשקע־לשון״) זיינען פאַראַן היפּש אַרבעטן, אָבער דאָס רוב ניט אין יידיש. אַ ווערטערבוך האָט געגעבן א. טריוואַקס אין ביי אונדז יידן, ז״ז 159—167, אויך פּ. בימקאָ אין אַ הוספה צו זיין אָקערשט דערמאָנטער דראַמע. — ש. לעהמאַן: גנבים און גנבה (רעדנס־אַרטן, צונעמענישן אאַז״וו), ביי אונדז יידן ז״ז 45 — 91.

גנבים־לידער: פּ. גראַובאַרד: געזאַנגען פון תהום, ביי אונדז יידן, ז״ז 19—41. — ש. לעהמאַן: ליבעלידער פון גנבים, פיל׳ שריפטן פון ייוו״א I, ז״ז 291 — 308. — ש. לעהמאַן: גנבים־לידער (מיט מעלאָדיעס), וואַרשע 1928, 246 זייטן. — וועגן דער ווירקונג פון דער יידישער גנבים־שפּראַך אויף דער דייטשער פגל׳ די אַרבעט

---

טעריאַלן; די קאָלעקציעס אירע דאַרפן נאָך אָבער שטאַרק פאַרגרעסערט ווערן; און די קאָרעספּאָנ־דענטן פון דער עטנאָגראַפישער קאָמיסיע דאַרפן דערביי מיטהעלפן לויט זייערע כוחות.

פון ד״ר ר. גלאנץ, די אויספאָרשונג פון דעם יידישן אייגנס אין דעם עלטערן [דייטשן] הענטשקע־לשון, פיל׳ שריפטן פון יוו״א II, ז״ז 353 — 368.

די עטנאָגראַפיע מוז אויך אויספאָרשן די שפּראַך און דעם שטייגער לעבן פון גאַנ־פרויען און אַנדערע „דעק״־מענטשן: ווערטלעך, לידער, זאַבאָ־באָנעס אאַז״וו. די וויסנשאַפט אינטערעסירט זיך מיט אַלע צווייגן פון לעבן, וואָרים אויך אין דעם אויסגעלאָסענעם און אָפּשטויסנדיקן קומען צום אויסדרוק סאָציאַלע פאַרהעלטענישן.

אין פּ. גראָבארדס אָקערשט דערמאָנטע „געזאַנגען פון תהום״ זיינען אויך פאַראַן לידער פון גאַנ־פרויען.

צו דער אונטערוועלט געהערן אויך די וואַנדערנדיקע קאַטערינשטשי־קעס, בעטלערס, קונצנמאַכערס. און זאַמלען דאַרף מען גיט נאָר איינציקע מאָמענטן, וואָס זיינען זיי נוגע, נאָר ביז גאָר וויכטיק זיינען אַלגעמיינע באַ־שרייבונגען פון זייער שטייגער לעבן.

דאָס איז פיל־ווייניק דער גאַנג פון גרופּעס־איינטיילונג. די דאָזיקע איינטיילונג איז אי נאַטירלעך, אי זי פאַרלייכטערט פאַראיינס די אַרבעט, מחמת מען באַקומט אַ מעגלעכקייט אָנצוגיין אין דער פאָרשונג בהדרגה און סיסטעמאַטיש.

## די געביטן פון דער יידישער עטנאָגראַפיע

### מאַטעריעלע קולטור

די גאַנצע פאָלקסקולטור קען מען איינטיילן אין דריי געביטן, א) מאַ־טעריעלע קולטור; ב) סאָציאַלע קולטור; ג) גייסטיקע קולטור.

דאָס איז דער סדר, אין וועלכן די דריי געביטן ווערן אויסגעשטעלט ביי די אומות־העולם, און דאָרט איז ער פולקום באַרעכטיקט. ווי מיר האָבן צו טון מיט אַ קיבוץ אַ פעסט צו דער ערד צוגעבונדענעם מוז טאַקע דער עטנאָגראַף זיך אינטערעסירן מיט דעם פלאַן פון אַ דאָרף, מיט דער פאָרם פון הייזער־בוי, מיט די לאַנדווירטשאַפטלעכע מכשירים און אינסטרומענטן. שוין אָפּגערעדט פון דער ווירקונג, וואָס דאָס מאַטעריעלע האָט אויפן סאָציאַלן און אויפן גייסטיקן, זיינען אַלע פראַגעס פון דער מאַטעריעלער קולטור וויכטיק פאַר זיך אויך.

ביי אונדז איז די פּראָפּאָרציע פון די דריי געביטן גאָר אַן אַנדערע, ווייל די פראַגעס פון דער מאַטעריעלער קולטור מוזן פאַרנעמען אין אונדזער פאָרשונג אַ סך אַ קלענערן אָרט. עס איז אַ פאַקט, וואָס דרינגט אַרויס פון די היסטאָרישע אומשטאַנדן, אין וועלכע מיר לעבן. קיין אייגענער

יידישער נוסח אין בויען ישובים האָט זיך ניט געקענט אויסבילדן, און אויך אין פּרט פון אַרכיטעקטור זיינען אונדזערע אויפטוען צוליב די פאַר־העלטענישן ניט קיין גרויסע. אָבער גראָד ווייל מיר פאַרמאָגן אַזוי ווייניק דאַרפן מיר מיט נאָך מער חשק און פאַראינטערעסירונג אויפהיטן און פאַרפיק־סירן דאָס, וואָס עס איז יאָ פאַראַן.

## פאָלקסקונסט

ס'שרייבט אַ פריינד פון אַ פּויליש שטעטל: ביי זיי אין שול געפינט זיך אַן אַלט תהילימל, די בלעטלעך זיינען פאַרצירט מיט צייכענונגען. אַמאָל פלעגן קומען דייטשע קינסטלער און קאָפּירן די צייכענונגען, היינט וואַלגערט עס זיך ערגעץ ביי די גבאים.

אונדזערע שולן און בתי־מדרשים זיינען טיילמאָל קליינע מוזייען פון דער אַלטער יידישער פאָלקסקונסט: די פּרוכתן, מנורות, ידן, מאָלערייען, קערות, פאַרצירונגען אויף די ווענט אאַז"וו. דער גרעסטער טייל יידישע קונסט פלעגט זיך אַמאָל קאָנצענטרירן אין די שולן. היינט איז דאָס אַלץ אָפּגעלאָזן, פאַר־שטויבט; און וויפיל אַנטיקן זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען!

דער סטיל פון די שולן גופא איז אָפטמאָל אַן אייגנאַרטיקער. טייל אַלטע הילצערנע שולן זיינען געבויט לויטן שניט פון פאַרצייטיקע פּוילישע הויפן מיט יידישע בית־מדרש־פענצטער; נאָר געציילטע זיינען היינט פאַרבליבן, און קיי־נער היט זיי ניט אָפּ, זיי זאָלן אין אַ שיינעם טאָג ניט איינפאַלן און פאַר־שווונדן ווערן.

אָבער נישט נאָר די שולן האָבן אונדז דערהאַלטן דאָס ביסל יידישע קונסט.

די מצבות אויף די ביתעלמינס זיינען אָפטמאָל באַצירט מיט אָרנאַ־מענטן, בילדער, סטיליזירטע אותיות.

אין די פרומע אַלטע שטיבער זיינען נאָך פאַראַן:

אַלטע מזרחן, האַפטערייען פון סצענעס אויס דעם חומש; ווייטער בשמים־ביקסלעך, קיטלען, מצה־צודעקן, אַלטע בעכערס א"אַנד.

אַ סך איז שוין אינגאַנצן פאַרשווונדן געוואָרן, אָבער אַ סך גייט לאיבוד פאַר אונדזערע אויגן. וואָס ס'לאָזט זיך דאַרף מען אַריינברענגען פון די ניט־באַרופענע הענט אין דעם מוזיי פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

וואָס עס לאָזט זיך ניט אַריבערטראָגן, דאַרף מען זען צו פאָטאָגראַפירן אָדער צו באַשרייבן אַזוי גענוי ווי מעגלעך.

אויב ס'איז נישטאָ קיין פאָטאָגראַף, קען אַמאָל אַ גוטער צייכענער פאַר־טרעטן זיין אָרט.

מען מוז אָבער אַלעמאָל האָבן אין זינען, אַז די בעסטע קאָפּיע פאַרבייט ניט דעם אָריגינאַל.

דער עיקר: שטענדיק שטיין אויף דער וואַך פון אונדזער אַלטער פאָלקס־

קונסט און געדענקען, אַז טאָמער ווערן פֿאַרפֿאַלן די רעשטן, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבן, טראָגן מ י ר דערפֿאַר די אַחריות.

## הלבשה, געבעקסן, מאכלים

פֿאַראַן נאָך עטלעכע אַנדערע געביטן פֿון דער מאַטעריעלער קולטור, וואָס באַדאַרפֿן אויסגעפֿאָרשט ווערן.

קודם־כל די ה ל ב ש ה. פּאַרצייטיקע בגדים פֿון מענער, פֿרויען און קינדער זיינען ווייט ניט געווען אינגאַנצן אַזוינע ווי די היינטיקע. נאָר אַ פּאָר זאַכן זאָלן דערמאָנט ווערן: דעליעס, טיזליקעס, שטערנטיכלעך, האָרבענדער, ציטערנאָדלען, אויבלען. די אַלע זאַכן דאַרף מען קלייבן פֿאַרן מוזיי פֿון ייוו"א, אין ערגסטן פֿאַל — פֿאָטאָגראַפֿירן אָדער באַשרייבן.

אַן אינטערעסאַנטן היסטאָרישן איבערבליק פֿון דער נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט גיט
נ. פּ ר י ל ו צ ק י: ד אָ ס ג ע װ ו ע ט, ז' 14—159.

אויף דעם היינטיקן מאַנסבילשן, ווייבערשן, קינדערשן שטאַט איז וויכטיק צו זאַמלען און צו באַשרייבן. קיינמאָל טאָר מען זיך ניט פֿאַרלאָזן אויף דעם, אַז „דאָס ווייסן דאָך אַלע".

אַ געוויסער אויסדרוק פֿון אונדזער אייגנאַרטיקייט זיינען אויך די ספּעציעל־יידישע ג ע ב ע ק ס ן, וואָס ווערן געבאַקן צו פֿאַרשיידענע יומטובים. מען דאַרף אַזוינע געבעקסן זאַמלען און צושיקן צו דער עטנאָגראַפֿישער קאָמיסיע.

מ א כ ל י ם וואָכעדיקע, שבתדיקע, יומטובדיקע דאַרפֿן אויך באַשריבן ווערן, דהיינו: דער סדר פֿון די עסנס, זייערע נעמען, אַפֿילו ווי אַזוי מען גרייט זיי צו. דערביי מוז אויך אָנגעמערקט ווערן, צי איז דער געריכט אָנגענומען ביי אָרעמע, ביי גבירים, ביי מיטלמעסיקע מענטשן.

אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל איז פֿאַראַן ביי י ה ו ד ה ע ל ז ע ט: דער וווּנדער־אוצר פֿון דער יידישער שפּראַך, III: יידישע מאכלים. 122 ז'.—אין פּ ר י ל ו צ ק י ס אָקערשט דערמאָנטן „געוועט" זיינען די ז"ז 1 — 13 פֿאַרנומען מיט דערקלערונגען וועגן „לאָקשן" און „קוילעטש".

# סאָציאַלע און גייסטיקע קולטור

## ז אַ ב אָ ב אָ נ ע ס

אויף גאָרנישט קוקט מען ניט מיט אַזאַ ביטול ווי אויף די פֿאָלקסגלייבענישן, אָדער ווי מען רופֿט זיי אַנדערש—זאַבאָבאָנעס, באַבסקע רפֿואות אאַז"וו.

ניט איין מאָל בלייבן מיר שטיין פֿאַרוווּנדערט, זעענדיק מיט וואָס פֿאַר אַ גלויבן ס'פֿירט אויס דער פֿאָלקסמענטש אַ „ווילדע" זאַבאָבאָנע, מיט וואָס פֿאַר אַן אַריינגעטאָנקייט ס'ווערן אָפּגעריכט פֿאַרשיידענע צערעמאָניעס.

פון וואַנען נעמען זיי זיך?

מיר האָבן דאָ צו טון מיט רעשטלעך פון פאַרגאַנגענע צייטן, טיילמאָל פון יענע ווייטע תּקופות, ווען אַלע מענטשן האָבן געלעבט אַזוי ווי ס'לעבן נאָך היינט אַ סך פעלקער פון אַפריקע און אויסטראַליע.

אין פלוג קומט אויס ביי אונדז, אַז די גאַנצע הנהגה פון אַזוינע פרי־מיטיווע פעלקער (מען רופט זיי „ווילדע", כאָטש אינדערעמתן זיינען זיי אָפט־מאָל ניט ווילדער און ניט בּאַרבּאַרישער איידער די אַזויגערופענע ציוויליזירטע) איז משונהדיק. אָבער אַזאַ אָפּשאַצונג קומט נאָר פון ניט פאַרשטיין זייער אופן דענקען, זייער אויסטייטשן די פאַרשיידענע נאַטור־דערשיינונגען.

דער פרימיטיווער מענטש גלייבט, אַז די גאַנצע אַרומיקע וועלט איז פול מיט גוטע און בייזע רוחות, וואָס ווילן אים העלפן אָדער ברענגען שאָדן. אויף יעדן טראָט זיינען דאָ זייערע סימנים. וויל ער אויסמיידן אַן אומ־גליק, מוז ער די סימנים גוט איבערלייענען און טון דעם „געטלעכן" ווילן. פון דאַנען נעמט זיך די גרויסע צאָל אָפּוועהר־מיטלען (שמירות), מיט וועלכע דער פרימיטיווער מענטש זוכט זיך צו פאַרטיידיקן פאַר אַן אומגליק. בויט ער זיך אַ הויז, מוז ער קודם איבערבעטן די רוחות פאַר שטערן זייער רו: ברענגט ער אַ קרבן, אַמאָל פון מענטשן, שפּעטער פון בעלי־חיים. נאָך היינט, אַז מען בויט אַ הויז, לייגט מען אַרונטער אונטערן פונדאַמענט געלט אָדער אַ הון; „ס'זאָל זיין צו מזל", דערקלערט מען דאָס היינט. די דערקלערונג איז אַ היינ־טיקע, אָבער דער אַקט גופא איז אַ רעשטל פון יענער פרימיטיווער צייט.

דער פרימיטיווער מענטש האָט זייער מורא פאַר די ניט־אָנזיכטיקע רוחות, וואָס לויגן אויף אים פון אומעטום. טוט אים עפּעס וויי אינעווייניק, הייסט עס, אַז אַ בייזער רוח איז אַריין אין זיין לייב און מען דאַרף אים אַרויס־טרייבן (פאַרגלייך: „דיבוק").

אָדער ווען עמעצער שלוקערצט, זאָגט מען אָפט: עמעץ דערמאָנט דיך. מיר קלערן דאַן גאָרניט, אַז מיר זאָגן נאָך דאָס אייגענע וואָס עס זאָגט דער „ווילדער" נעגער פון אַפריקע. ביי אונדז איז עס דאָס רוב ניט מער ווי אַ שפּאַס; ביים פרימיטיוון אַפריקאַנער צי אויסטראַליער איז דאָס אַ טיפער ערנצט. דאָס שלוקערצן באַווייזט, אַז אַ גייסט איז אַריין אין דעם מענטשן. נאָר עס טוט דאָך ניט וויי; הייסט עס, אַז דאָס איז אַ גוטער גייסט, וואָס איז אַריין אויף אַ ווײַלע: ס'קען זיין אַ גייסט פון אַן עלטערזיידן, וואָס האָט זיך אָן אים דערמאָנט.

ענלעך איז ווען עמעצער ניסט. מען ענטפערט: „צו געזונט, צו לעבן", און מען מיינט, אַז ס'איז ניטמער ווי אַן אויסדרוק פון איידלקייט. ביים פרי־מיטיוון מענטשן קענען מיר זיך דערגרונטעווען צום אמתן מקור פון דעם ווינטש־מנהג. זיין מיין דערביי איז אַ מער ערנצטער: ער בעט דעם גייסט, וואָס רופט זיך אָפּ אין קערפּער, עס זאָל זיין צום לעבן און ניט צו טויט, צו געזונט און ניט צו קרענק.

ווייטער גלייבט דער פּרימיטיוועד מענטש, אַז די פאָרשטעלונג פון אַ זאַך קען אַרויסרופן די זאַך גופא. ווענדיק פאַרניכטן אַ פיינד דאַרף מען מאַכן אַ לאַלקע פון שמאַטעס, וואָס זאָל פאָרשטעלן דעם שונא, און זי דורכשטעכן. דאָס איז געגוג, דער שונא זאָל פאַרלירן די מאַכט, ער זאָל אָפּגעשוואַכט ווערן.

פאַרגלייך ביי אונדז: אַז עמעצער וועט פאַרמאַכן אַ שלעסל בשעת חתן־כלה שטייען אונטער דער חופה, איז דאָס מזל פאַר זיי שוין פאַרשלאָסן. אַז מען באַגראָבט עמעצן, לייגט מען אַמאָל אַריין אַ שלעסל אין קבר, דער טויט זאָל זיך מיט אים אָפּשליסן.

זאַכן, וואָס זיינען געווען אַמאָל אין פאַרבינדונג, באַהאַלטן נאָך זייער ווירקונג, ווען אַפילו די פאַרבינדונג איז שוין נישטאָ. צ״ב ווען דער נעגער גייט דורכן וואַלד, האָט ער מורא, ער זאָל זיך חס וחלילה ניט פאַרטשעפּען אָן אַ בוים און ס׳זאָל ניט בלייבן הענגען אַ שטיקל פון זיין בגד אויף אַ צווייג, ווייל טאָמער פאַלט עס אַריין אין אַ מכשפס האַנט קען יענער אָפּטון אַ כישוף. דער פּרימיטיוועד האָט מורא פאַר זיינע אייגענע שפּורן, און ער זעט זיי צו פאַרווישן. אויף דער זעלביקער פאָרשטעלונג איז געבויט אַ גרויסער טייל פון אונדזערע זאַבאָבאָנעס און סגולות. אַשטייגער אַ סגולה צו פאַרלירן בראָדעווע־קעס אָדער אויסהיילן אַ וווּנד: אַ וויש טון מיט אַ שיין באַנד איבער דעם אָרט ווו ס׳איז דער אָנוווקס און אַוועקלייגן אויפן טראַקט; ווער ס׳וועט עס אויפ־הייבן, וועט איבערנעמען אויף זיך די קרענק.

דאָס זיינען די וויכטיקסטע יסודות, אויף וועלכע ס׳באַזירן אַלע זאַבאָ־באָנעס און גלייבונגען.

ביז אין שפּעטן מיטלעלטער זיינען זיי געווען אַלגעמיין פאַרשפּרייט. די מיטלעלטערישע מעדיצין איז נאָך פול מיט פאַרשיידענע סגולות און אָפּשפּרע־כענישן. די ערשטע כעמיקער האָבן נאָך געזוכט דעם שטיין פון גליק, און די ערשטע אַסטראָנאָמען האָבן נאָך געלייענט דאָס מענטשלעכע מזל פון די שטערן. אָבער אין דער צייט ווען די העכערע שיכטן זיינען געשטיגן פון שטאַפּל צו שטאַפּל האָט דאָס פּשוטע פאָלק, דאָס פאַרהאָרעוועטע און פאַרפּייניקטע, גע־לעבט אינדערפינצטער, אָנגעוויזן נאָר אויף דער אייגענער פּראַקטיק און אויף דער פּראַקטיק פון זיינע עלטערן און זיידעס. די טראַדיציע איז אַזוי גע־וואָרן אַ שטיק הייליקטום.

היינט, ווען מיר זאַמלען די אַלע זאַבאָבאָנעס, סגולות און מנהגים ביי אונדזערע פאָלקסמענטשן, קלייבן מיר שוין צונויף די רעשטלעך, וואָס זיינען פאַרבליבן פון דער טויזנטיאָריקער אַרבעט פונעם מענטשלעכן מוח אַרויסצו־רייסן ביי דער נאַטור אירע סודות.

אַהער באַלאַנגט אויך דער גאַנצער ענין כ י ש ו ף.

ר. ל י ל י ע נ ט א ל: עין־הרע, יד״פיל ז״ז 245—271. — א. ס א ס נ א ו ו י ק: מאטעריאַלן צו דער יידישער פאָלקסמעדיצין אין ווייסרוסלאַנד, יד״פיל ז״ז 160 —

168.—ש. ווינטער: קדרים און מכשפים, ייד"פיל 394—396.—מ. ווײַנרײַך: לאַנטוך, די געשיכטע פון אַ היימישן גיטגוטן, פילי׳ שריפטן פון ייוו"א I, ז"ז 217 — 236.—פּראָפ׳ י. צאָללער: לילית, פילי׳ שריפטן פון ייוו"א III, ז"ז 121—142.

## פאָלקסלידער,
## פאָלקסמעשׂיות

מיר האָבן ליב צו הערן די שיינע האַרציקע לידער, וואָס ווערן געזונגען אין אַלע עקן וועלט ווו ס׳לעבט נאָר די יידישע מאַסע. ווער איז זייער מחבר? קיינער ווייסט ניט. ערגעץ דאָרט ביים וואַרשטאַטל צי אויף דער קעלניע האָט עמעץ אויסגעזונגען אַ לידל, און ס׳איז אַוועק פון מויל צו מויל, פון שטאָט צו שטאָט און איז געוואָרן אַ פאָלקסאייגנס.

אָפטמאָל אַז דאָס ליד ווערט פון איינעם אַריבערגעבראַכט אין אַן אַנדער שטאָט, אָדער אַז ס׳ווערט געזונגען פון אַ סך מענטשן, ווערט עס געענדערט, מען גיט צו אַ סטראָפע, מען מישט דאָס צונויף מיט אַן אַנדער לידל, ס׳פאַלן אַרויס אַ פּאָר שורות. אַזוי וואַקסן לידער אָדער שטאַרבן אָפּ.

פאָלקסלידער זיינען צוזאַמענגעוואַקסן מיט ניגונים. אַ פאָלקסליד ווערט נאָר געזונגען. דער ניגון גיט ערשט די נשמה דעם ליד. אָן אים איז דאָס פאָלקסליד ווי אָן לעבן. טיילמאָל איז דער ניגון געווען פריער פאַר דעם ליד.

דאָס דאַרפן אַלעמאָל געדענקען די זאַמלער פון פאָלקסלידער און ניט זשאַלעווען קיין כּוחות און ניט שפּאָרן קיין מי אויף צוציען צו דער אַרבעט מוזיקער, נאָטן-קענער, זיי זאָלן פאַרשרייבן די יידישע ניגונים.

אַמאָל איז אַ ליד אַנטליען פון דער פרעמד; אָבער אויך יעמאָלט איז דאָס וויכטיק, וואָרים ס׳גיט אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם געשמאַק ביים אויסקלייבן און וועגן דעם אופן, ווי אַזוי דאָס פרעמדע איז פאַראייגנט געוואָרן.

דאָס נעמלעכע איז שייך אויך צו די פאָלקסמעשׂיות, וואָס ווערן נאָך היינט פאַרציילט און מיט אַזאַ געשפּאַנטקייט אויסגעהערט פון קליין ביז גרויס. ווער האָט זיי אויסגעקלערט? קיינער ווייסט ניט. זיי זיינען דאָ און זיי וואַנדערן פון ישוב צו ישוב, פון לאַנד צו לאַנד, פון דור צו דור. אין יעדן שטעטל זיינען פאַראַן די פאָלקסדערציילער.

אַמאָל זיינען דאָס אָרעמעלייט, וואָס וואַנדערן איבער די שטעטלעך, הערן זיך אָן פאַרשיידענע מעשׂיות און דערציילן זיי ווייטער, קאָראַבעלניקעס, וואָס פאָרן איבער די יאַרידן, קלעזמער; חסידים, וואָס האָבן ליב צו דערציילן די וואונדערלעכע מופתים פון די גרויסע צדיקים.

דער פאָלקסדערציילער איז אָפטמאָל אויך דער מיטשאַפער פון דער מעשׂה. זיין פאַנטאַזיע אַרבעט בשעתן דערציילן, און ער גיט צו פאַרבן, הייבט ביזן הימל דעם העלד, פאַרברייטערט די מעשׂה, כּדי זי צו מאַכן וואָס שענער, וואָס

פֿאַרכאַפּנדיקער. ער לעבט אויף דערציילנדיק וועגן די וווּנדער פֿון די פֿאַר־כישופֿטע וועלטן, וועגן די פּאַלאַצן וואָס גלאַנצן מיט גינגאָלד און זילבער, וועגן די אַלטע צייטן, ווען גוטע־יידן פֿלעגן אַרייַנקומען און ברענגען גליק אין יעדן יידישן הויז. ער וועבט דאָ אַריין זיין חלום, דעם חלום פֿון אַ פֿאָלק, וואָס לעבט אין אָרעמע פֿינצטערע שטיבער און ביטערער נויט. ער שטילט דאָ דעם דאָרשט פֿון דער מאַסע נאָך אַ ביסל זון, נאָך אַ ביסל גלאַנץ, נאָך אַ ביסל גליק.

וואָס אַמאָל ווייניקער ווערט היינט שוין דערציילט, אָבער ס׳איז נאָך גע־נוג פֿאַראַן וואָס צונויפֿצונעמען.

מיר ווילן צונויפֿזאַמלען און אַרויסגעבן אויף דער ליכטיקער שיין די אַלע פֿאַרגעסענע און שיר־ניט־פֿאַרגעסענע לידער און מעשיות.

ש. גינזבורג און ש. מארעק: Еврейскія народныя пѣсни въ Россіи (יידישע פֿאָלקסלידער אין רוסלאַנד), פֿאַרל׳ „װאָסכאָד״, פּעטערבורג 1901, XXX+329 זייטן. — נ. פּרילוצקי: יידישע פֿאָלקסלידער, I באַנד, רעליגיעזישע און יומטובדיקע, פֿאַרל׳ ביכער פֿאַר אַלע, וואַרשע 1911, XIV+159 זייטן. II באַנד, לידער און מעשהלעך פֿון טויט, באַלאַדעס און לעגענדעס מיט און אָן אַ מוסר־השׂכל, „נייער פֿאַרלאַג״, וואַרשע 1913, 176 זייטן.—ד״ר א. לאַנדוי: באַמערקונגען צו נח פּרילוצקיס „יידישע פֿאָלקסלידער״, ייד״פֿיל ז״ז 151—160. — י. ל. כּהן: יידישע פֿאָלקסלידער מיט מעלאָדיעס, I באַנד, LX+243 זייטן. — II באַנד, 293 זייטן, צווייטע אויפֿלאַגע, ניו־יאָרק 1920. — ש. לעהמאַן: אַרבעט און פֿרייהייט, זאַמלונג פֿון לי־דער, וואָס זענען אַנטשטאַנען אין פֿאָלק אין דער צייט פֿון „פֿרייהייטס־באַוועגונג״ אין צאַרישן רוסלאַנד, וואַרשע 1921, פֿאַרל׳ „פֿאָלקלאָר־ביבליאָטעק״, 190 זייטן. — ש. באַ־סטאָמסקי: ביים קוואַל, II, יידישע פֿאָלקסלידער, פֿאַרל׳ „נייע יידישע פֿאָלקסשול״ ווילנע, 1923, 137 זייטן —ד״ר א. לאַנדוי: באַמערקונגען צום יידישן פֿאָלקלאָר, פֿיל׳ שריפֿטן פֿון ייוו״א I, ז״ז 13—22. — פּראָפֿ׳ וו. אַנדערסאָן: דאָס ליד וועגן דער מאָ־ביליזאַציע, פֿיל׳ שריפֿטן פֿון ייוו״א II, ז״ז 401—413. — י. ל. כּהן: פֿאָלקסגעזאַנג און פֿאָלקסליד, דאָרט ז״ז 139—154. — י. ל. כּהן: יידישע פֿאָלקסלידער, אַמער׳ פּנקס I, ז״ז 65—128. — י. גאָלדבערג: באַמערקונגען וועגן דעם פּאָעטישן שטייגער פֿון יידישן פֿאָלקסליד, צייטשריפֿט I, ז״ז 105—116. — י. גאָלדבערג: די יידישע מישספּראַכיקע און פֿרעמדשפּראַכיקע פֿאָלקסלידער, צייטשריפֿט II, ז״ז 589—606. — א. מ. בערנשטיין: מוזיקאַלישער פּנקס I, אַרויסגאַבע פֿון דער היסט׳ עטנ׳ געז׳ א״נ פֿון ש. אַנ—סקי, ווילנע 1927, XXVIII+96 זייטן. — וועגן גנבים־לידער זע ווייטער.

ש. באַסטאָמסקי: יידישע פֿאָלקסמעשׂיות און לעגענדעס, I, בעש״ט, 168 זייטן. II, יוסף דילה ריינה, 15 זייטן, פֿאַרל׳ „די נייע יידישע פֿאָלקסשול״, ווילנע. — י. ל. כּהן: יידישע פֿאָלקסמעשׂיות, אַמער׳ פּנקס I ז״ז 217—234.

## וויצן

דער שפּילעוודיקער וויץ, וואָס מאַכט לאַכן אָדער שמייכלען, איז אויך אַן עלעמענט פון דער עטנאָגראַפישער וויסנשאַפט. וויפיל מען האָט שוין אויפגעזאַמלט פון דעם מין איז נאָך אַלץ ווייניק אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער צאָל וויצן און גלייכווערטלעך, וואָס גייען אום צווישן עולם. גרויסע געלערנטע, פילאָזאָפן און פּסיכאָלאָגן, האָבן געפּרוווט אויסגעפינען, אין וואָס באַשטייט דער סוד פון אַ גוטן וויץ, פאַרוואָס ווערט פון אים גרינגער און פרייער אויפן האַרצן. אָבער ווי אַזוי מען זאָל אויף דעם ענין ניט קוקן, איינס זיינען אַלע מודה: אַז דער ייִדישער וויץ שטייט אויבנאָן; מוזן מיר אים זאַמלען און פאַרשרייבן.

י. ח. ראַבניצקי: ייִדישע וויצן, פאַרל׳ מוריה, בערלין 1922, XVI+264 זייטן. — ש. לעהמאַן: גנבים און גנבה, ביי אונדז ייִדן, ז׳ 59 א״וו. — ש. ביילין: לומדישע און משכּילישע וויצן, פיל׳ שריפטן פון ייוו״א III, ז״ז 497—514. — ש. ביילין: אַנעקדאָטן, רעדנסאַרטן... צייטשריפט פיל׳ II—III, ז״ז 859—868.

אַ טעאָרעטישע אַרבעט וועגן ייִדישע וויצן האָט געגעבן אין העברעיִש אַ. דרויאַנאָוו [דרויאַנוב] אין דעם אַריינפיר צו זיין „ספר הבדיחה וההידוד, פאַרל׳ אמנות, פראַנקפורט־מאַין 1922, ז״ז 12—55. די וויצן גופא, וואָס דער מחבר גיט ווייטער, אויף ז״ז 59—260, האָבן דורך דעם איבערזעצן אין העברעיִש זייער פיל פאַרלוירן פון זייער פרישקייט.

די וויצנשאַפונג רייסט זיך ניט איבער ביים פאָלק אויף קיין איין רגע; אָבער לעבעדיקע, שטורעמדיקע צייטן גיבן מער מאַטעריאַל פאַר שאַרפע מוחות און צינגער. דערפאַר האָט אונדזער תּקופה — די צייט פון דער מלחמה, פון רעוואָלוציעס, פון מלוכה־גרינדונגען — געגעבן אָן אַ שיעור שטאָף פאַר נייע וויצן. מען דאַרף זיי אַלע פאַרשרייבן; וווּ נייטיק דאַרף צוגעגעבן ווערן אַ פּירוש.

ש. לעהמאַן: מלחמה־וויצן.

## שפּריכווערטער און ווערטלעך

אַז מ׳שערט די שאָף, ציטערן די לעמלעך.
לאָז אַ הונט אויף דער באַנק, שפּרינגט ער אויפן טיש.
פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס.
געלט—שמעלט! אָבער צי איז דען שמעלט געלט?

אַ טיפע לעבנס־חכמה רעדט אַרויס פון די פאָלקסווערטלעך פון אַלע פעלקער. אַ לעבנס־קלוגשאַפט, געבויט אויף פּראַקטיק, שאַרפער באַטראַכטונג פון מענטשן, מיינונגען און דערשיינונגען.

און דאָס אַלץ ווערט אַרויסגעזאָגט אין אַ געפּרעסטער פאָרם, קורץ און שאַרף. ווי אַ פאָרמול אויף צו פאַרגעדענקען.

און אינדעראמתן זיינען די ווערטלעך ביי אַלע פעלקער געווען און זיינען אָפטמאָל נאָך היינט דער אופן, אויף וועלכן די עלטערן גיבן איבער זייערע קינדער זייער קוק אויף דער וועלט.

ס'זאָגט דאָך נאָך היינט די מוטער צום קינד: „געדענק, גאָט שיקט ביט פון אויבן אַז מען ליגט אויפן אויוון" אָדער: „זיי וויסן, אַז אַ גוי וועט פאַרלירן, אַ פריץ וועט געפינען און צו אַ יידן וועט מען זיך טשעפּען".

וויפיל ביטערע פּראַקטיק ליגט אין דעם קורצינקן זאַץ!

אומגעהייער רייך איז דער ווערטלעך־אוצר. אַן אמתער פאָלקסמענטש האָט אויף אַלץ אַ ווערטל און אַ פאַרגלייכעניש — אַמאָל מיט בייסיקער איראָניע און אַמאָל מיט געזונטן הומאָר.

איגנאַץ בערנשטיין: יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן, צווייטע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע, וואַרשע 1903, 329 זייטן. — ד״ר ב. וואַכשטיין: די אויסברייטערונג פון איגנאַץ בערנשטיינס לעבנסווערק, פיל' שריפטן פון ייוו״א I, ז״ז 28—38. — י. פּיראָזשניקאָוו: יידישע שפּריכווערטער נאָכן ענין געטיילט אין באַזונדערע אָפּטיילונגען, ווילנע 1903, 156 זייטן. — נ. פּרילוצקי און ש. לעהמאַן: יידישע שפּריכווערטער, גלייכווערטלעך... וועגן לענדער, געגנדן, שטעט און שטעטלעך, נח פּרילוצקיס זאַמלביכער I (1913), ז״ז 9—87; II (1917), ז״ז 161—173. — י. עלזעט: דער וווּנדער־אוצר פון דער יידישער שפּראַך, פאָלקסטימלעכע רעדנסאַרטן, גלייכווערטלעך א״אַ, וואַרשע, 1918—1920. I, דאָס דאַווענען, 1918, 93 זייטן. II, מלאָכות און בעלי־מלאָכות 1920, 42 זייטן. III, יידישע מאכלים, 122 זייטן. IV, דער מענטשלעכער קערפּער, I, 116 זייטן. — ש. באַסטאָמסקי: ביים קוואַל, יידישע שפּריכווערטער, ווערטלעך, גלייכווערטלעך... פאַרל' „די נייע יידישע פאָלקסשול", ווילנע 1920, V+122 זייטן. — ש. רובינשטיין: שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן, פיל' שריפטן פון ייוו״א I, ז״ז 411—426. — ז. כראַפּקאָווסקי: פאָלקלאָרזאַמלונג, צייטשריפט I, ז״ז 117—132 און II, ז״ז 831—860.

## נעמען און צונעמענישן

דוכט זיך וואָס פאַר אַן אינטערעס קען האָבן צו זאַמלען נעמען? און דאָך איז אָנאָמאַסטיק (נאָמען־קענטשאַפט) אַ וויכטיקער צווייג פון דער וויסנשאַפט. אַ קאָלעקציע פאַמיליע־נעמען פון אַ באַשטימטן פונקט איז אַזוי ווי אַ שפּיגל פון יידישע באַשעפטיקונגען אין פאַרגאַנגענע צייטן, פון אָפּשטאַם־שטעט און אָפּשטאַם־לענדער, אַמאָל אויך אַן אויסדרוק פון פאָלקסהומאָר.

ד״ר ש. ווייסענבערג: די יידישע פאַמיליע־נעמען אויף אוקריינע, פיל' שריפטן פון ייוו״א III, ז״ז 313—366.

ניט ווייניקער אינטערעסאַנט איז צו זאַמלען צ ו נ ע מ ע נ י ש ן. „עס איז אַ סברא, זאָגט ד"ר ווייסענבערג, אַז די צונעמענישן זיינען געווען פריער איי־דער די פּרט־נעמען און די פאַמיליע־נעמען...” בשעת די פּרימיטיווע געזעל־שאַפט איז געוואָרן רייכער אין צאָל, האָט זיך אַרויסגעוויזן די נייטיקייט אויף וועלכן עס איז שטייגער צו דיפערענצירן מענטשן מיטן זעלבן נאָמען. אָט דאָ האָט גענומען ווירקן דעם פאָלקס פאַנטאַזיע; אָפּשטעלנדיק זיך, לויט די אומשטענדן, אויף די פיזישע אָדער אינטעלעקטועלע באַזונדערקייטן פונעם יחיד, האָט מען אים געגעבן אַ צונאָמען און דורכדעם געמאַכט אים קענטלעך פאַרן עולם.

ביים פאַרשרייבן צונעמענישן דאַרף מען אַלעמאָל אָנווייזן דעם א מ ת ן נאָמען און פאַמיליע־נאָמען פון דעם טרעגער פונעם צונעמעניש. עס דאַרף באַמערקט ווערן, צי איז דאָס צונעמעניש שייך צו אַ גאַנצער פאַמיליע. ווי ווייט מעגלעך דאַרף אויך געגעבן ווערן אַן אויסטייטשונג.

ד"ר ש. ו ו י י ס ע נ ב ע ר ג: די צונעמענישן פון יידן אין יעליסאַוועטגראַדער קרייז, פיל' שריפטן פון ייוו"א I, ז"ז 79—90.

שטיצנדיק זיך אויף אָנאָמאַסטיק האָט ד"ר י. ש י פּ ע ר, דער אָנהייב פון לשון־אשכנז, יוד"פיל ז"ז 101 — 112, 272 — 287 געשאַפן אַן אינטערעסאַנטע היפּאָטעזע. צו דער פראַגע זע אויך ד"ר א. ל א נ ד ו י, יוד"פיל' 330.

ענדלעך איז אויך זייער נוציק צו פאַרצייכענען די ספּעציעלע ג ע אָ־ג ר אַ פ י ש ע נעמען, וואָס יידן האָבן געשאַפן פאַר שטעט, שטעטלעך, שטאָט־טיילן און גאַסן.

ד"ר י. ט א ג ל י כ ט: די יידישע געאָגראַפישע נעמען פון טשעכאָסלאָוואַקיי, פיל' שריפטן פון ייוו"א I, ז"ז 337 — 346. — ש. ו ו י נ ט ע ר: א ביסל פויליש־יידישע געאָגראַפיע, פיל' שריפטן פון ייוו"א III, ז"ז 585 — 583.

## ווערטער

פאַראַן אַ פעלד, ווו די עטנאָגראַפיע באַגעגנט זיך שוין מיט דער שפּראַכפאָרשונג: דאָס איז דאָס פעלד פון ווערטערזאַמלונגען. אַ זאַמלונג ווער־טער, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ באַשטימטער שטאָט אָדער געגנט („אידיאָטיקאָן” רופט מען אַזאַ קאָלעקציע) לאָזט אונדז אָפטמאָל אויך הערן אַ סך וועגן מנהגים, וועגן דעם גייסטיקן צושטאַנד, וועגן איינריידענישן.

פ. א ל פ א ב ע ט: מאַטעריאַלן צו אַן אידיאָטיקאָן פון שטעטל פּיאָסק, ייד"פיל, ז"ז 61—72. מ. ל ע ר ע ר: מאַטעריאַלן צו אַן אידיאָטיקאָן פון כעלעם, פיל' שריפטן פון ייוו"א, ז"ז 201—206.—ש. ו ו י נ ט ע ר: קאָרטנשפּראַך, דאָרט גופא, ז"ז 319—324.— מ. ל ע ר ע ר: פון פויליש־יידישן ווערטער־אוצר, פיל' שריפטן פון ייוו"א II, ז"ז 369—380.—י. ט ו י ב: מאַטעריאַלן צו אַן אידיאָטיקאָן פון לוווימש, פיל' שריפטן פון ייוו"א

III, ז״ז 143 — 152. — זייער פיל מאַטעריאַל פון דעם מין איז צעשפּרייט איבער די שריפטן פון ג. פּרילוצקי, ספּעציעל אין „דאָס געוועט״, און י. עלזעט: דער וואונדער-אוצר. — ג. פּ[רילוצקי]: גרינס אויף שבועות, יידפיל ז״ז 87 — 89. — ג. פּ[רילוצקי] און ז. ר[ייזען]: פּורימדיקס, יידפיל ז״ז 89—90.

וועגן וויציקע ווערטער און אויסדרוק-פאָרמען פגל׳ ג. פּרילוצקי: שפּעט-לשון, יידפיל ז״ז 33—45, 123—140, 333—382.

## רעטענישן

ביי פּרימיטיווע פעלקער שאַרפט מען די מוחות מיט רעטענישן. מען פּרוּווט אַזוי אויס די קלוגשאַפט פון קינדער און דערוואַקסענע.

נאָך אין מיטלעלטער פלעגט מען אין די קלויסטערשע שולן לערנען די קינדער די יסודות פון דער תורה מיט רעטענישן, צונויפגעשטעלט ענלעך ווי אונדזער „אחד מי יודע״ פון דער הגדה.

היינט געהערן די רעטענישן בלויז צו דער קינדערוועלט, זיי זיינען אַ באַשטאַנדטייל פון קינדערשפּילן.

דאָס איז קיין חידוש ניט: אַ סך דערשיינונגען פון אַמאָליקן פּרימיטיוון מענטשלעכן לעבן פאַרבלייבן ביי די קינדער אין פאָרם פון שפּיל. אַזוי זיינען צ״ב די ציילענישן, וואָס קינדער באַנוצן היינט ביים שפּילן, געווען אַמאָל אַ מיטל אויף אויסצוקלייבן אַ שליח, אַמאָל אויך אויסצוגעפינען אַ שולדיקן.

ש. באַסטאָמסקי: יידישע פאָלקסרעטענישן, צווייטע אויפלאַגע, ווילנע 1923, 33 זייטן. — הערשעלע: פונעם פאָלקסמויל, ביי אונדז יידן, ז״ז 104—106.

## דראַמאַטישע שפּילן

איטלעך פאָלק האָט זיינע דראַמאַטישע שפּילן.

ביי אַנדערע פעלקער הייבן זיך אָן מיטן אויסלאָז פונעם אַלטן יאָר די גרויסע „קאַרנאַוואַלן״, פאָלקס-שמחות. מען גייט אַרויס אויף דער גאַס און „מען מאַכט זיך משוגע״, מען באַגעגנט מיט ווילדער פרייד דאָס נייע יאָר.

אויך מיר פאַרמאָגן אונדזערע דראַמאַטישע שפּילן. דאָס זיינען די פּורים-שפּילן.

פּורים איז אַמאָל געווען אַן אמתער פאָלקס-יומטוב, און אין דעם טאָג האָט דער פּראָסטער פאָלקסמענטש אַריינגעבראַכט מיט זיין פּורים-שפּיל אַ געזונטן געלעכטער אינעם גרויען לעבן.

די עלטערע צווישן אונדז געדענקען זיי נאָך, אָט די שוסטערס און באַלעגאָלעס, וואָס פלעגן זיך איבערטון און שפּילן די גרויסע „יוסף-שפּיל״.

אַלץ זיינען זיי דאַן געווען: די שאַפער, די רעזשיסאָרן, די שפּילער.

און היינט, אין צייטן פון גרויסע טעאַטערס און אָפּערעס, אַז ס׳קומט פּורים און אין ווילנע ווערט געשטעלט אַן אַלטע פאַרצייטיקע אַחשורוש-

צו מכירת־יוסף־שפּיל, איז שטענדיק פול ביז איבער די ברעגעס דער זאַל, און אַ העלער געלעכטער באַגלייט די שפּיל ביזן סוף.

ווייל אונדזערע פּורים־שפּילן פאַרמאָגן דעם ניטגעקינצלטן הומאָר, וואָס פעלט גענוג אָפט אין אַ היינטיקער קאָמעדיע. זיי האָבן אָפטמאָל אַזאַ טרעפיקן חוש פאַר דראַמאַטישע עפעקטן, וואָס מאַכט אונדז שטוינען: ווי קומט דאָס צו די שוסטערס און באַלעגאָלעס, וואָס האָבן מיט קונסט קיינמאָל ניט געהאַט צו טון?

פּורים־שפּילן וואַלגערן זיך נאָך איבער שטעט און שטעטלעך; פון אַ סך שפּילן ווייסן מיר היינט בלויז פראַגמענטן, ברעקלעך, אַ סך קענען מיר בלויז פון די נעמען.

מען דאַרף אָפּראַטעווען פון די פּורים־שפּילן וויפיל עס לאָזט זיך. ווו ס'לעבן נאָך אַלטע פּורים־שפּילער, דאַרף מען זיי אויפזוכן און פאַרשרייבן וואָס און וויפיל זיי געדענקען נאָך פון די אַלטע טעקסטן און ניגונים, אויפנעמען ביי זיי וואָס מער פּרטים וועגן דער אַמאָליקער טעכניק און קאָסטיומירונג. נישט נאָר פאַר דער וויסנשאַפט טוען מיר מיט דעם אויף אַ גרויסע זאַך, נאָר אויך דער נייער יידישער טעאַטער געפינט דאָ אַ קוואַל פון עכטער פאָלקסטימלעכער קונסט.

נ. פּרילוצקי: פּורים־שפּילן, נ. פּרילוצקיס זאַמלביכער I, ז״ז 88—125; II, ז״ז 57—160. — ד״ר י. שיפּער: געשיכטע פון דער יידישער טעאַטערקונסט און דראַמע, I—III, וואַרשע 1923—1927, 220+270+302 זייטן. — ד״ר י. שאַצקי: די ערשטע געשיכטע פון יידישן טעאַטער, פילי׳ שריפטן פון ייוו״א II, ז״ז 215—264. — מ. ווייַנרייך: צו דער געשיכטע פון דער עלטערער אחשורוש־שפּיל, דאָרט ז״ז 425—452. — ש. באַסטאָמסקי: פּורים־שפּילן, ווילנע, 1926, 31 זייטן.

## ספרים

אין יעדער אַלטער יידישער שטוב, אויף בוידעמער, אין די קלויזן, ביי מוכרספרימניקעס קען מען געפינען יידישע צי העברעיִשע ספרים מיט מעשיות, שבחים פון רביים, ווייבערשע תחינות, אַלטע טייטש־חומשים אאַז״וו.

די דאָזיקע דרוקזאַכן, ווי קליין און נישטיק זיי זאָלן ניט אויסזען, קענען אָפטמאָל האָבן אַ גרויסן באַטייט. אָפטמאָל שפּיגלט זיך אָפּ אין זיי יידישע פאָלקסשאַפונג. מען דאַרף צונויפנעמען פאַר דעם ייוו״א וואָס עס לאָזט זיך.

## יידן אין פרעמדן פאָלקלאָר

זייער טשיקאַווע איז אָפטמאָל פאַר אונדז צו זען, ווי אַזוי יידישע שפּראַך, מנהגים, רעליגיע אאַז״וו האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די מוחות פון די אַרומיקע פעלקער. ווי ווייט מעגלעך דאַרף מען זען צו פאַרצייכענען ערנצטע און חוזקדיקע לידער וועגן יידן, שילדערונגען פון אַ יידישן יומטוב דורך אַ ניט־יידישן

דערציילער, מעשיות און לעגענדעס, אין וועלכע עס באַגעגענען זיך יידישע העלדן אאַז״וו.

נ. ווייניג: דאָס פּוילישע פאָלקסליד Wojna żydowska, פיל׳ שריפטן פון ייוו״א III, ז״ז 411 — 466.

## מנהגים

וועגן געוויסע מנהגים, לידער אאַז״וו טרעטן אויף ווי אַן אויסדרוק פון קאָלעקטיווער טעטיקייט רופן מיר דאָס אָן אַ דערשיינונג פון דער סאָציאַ־לער קולטור. אין פּרט פון פאָרשן די סאָציאַלע קולטור פון יידן זיינען זייער וויכטיק די יומטובים; וועגן זיי האָט דער ייוו״א פאַרעפנטלעכט אַ ספּעציעל אַנ־קעטע־העפט.

יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, סעריע „אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט, נומער 4: עטנאָגראַפישע אַנקעטעס, העפט 1, יומטובים, ווילנע, 1928, 20 זייטן.— נ. ווייניג: המן־פיגור און שמאַטע־מענטש, אמער׳ פנקס I, ז״ז 62—64.

אַהער זיינען אויך שייך משפחה־שמחות (געבוירן, אָפּשערעניש, בר־מצוה, חתונות), מנהגים וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן טויט; דאָס לעבן פון געשלאָסענע חברות (חברה־קדישא אאַז״וו); די הנהגה פון רבישע הויפן. אויך די יורידיישע באַגריפן פון פאָלק זיינען וויכטיק.

משה לערער: אַן אמאָליקע יידישע חתונה אין כעלעם, יד״פיל ז״ז 392 — 394. — ח. חיות: גלייבונגען און מנהגים אין פאַרבינדונג מיטן טויט, פיל׳ שריפטן פון ייוו״א II, ז״ז 281—328.—ש. אַנ—סקי: דער טויט אין דעם יידישן פאָלקסגלויבן, פיל׳ שריפטן פון ייוו״א III, ז״ז 89 — 100.

מיר ריידן דאָ דערעיקערשט וועגן דעם אַלטן יידישן לעבנסשטייגער, ווייל ער האָט זיך אויסגעפורעמט אין משך פון לאַנגע יאָרהונדערטער און אָנגענומען פעסטע געשטאַלטן. פאַרשטייט זיך, אַז אויך דער נייער שטייגער לעבן דאַרף פאַרפיקסירט ווערן, אויף וויפל ער האָט אָנגענומען אייגנאַרטיקע פאָרמען.

מ. גראָמב: גאַסן־ און הויף־רעקלאַמע [אין ווארשע], פיל׳ שריפטן פון ייוו״א III, ז״ז 283—296.

וועגן די אַלע דערשיינונגען פון דער סאָציאַלער קולטור איז בעסער צו געבן ניט קיין איינציקע מיטטיילונגען, נאָר געבונדענע באַשרייבו־נגען. ווידעראַמאָל: ניט לאָזן זיך אָפּשרעקן פון דעם געדאַנק, אַז מסתמא איז דאָס שוין באַשריבן! דער קלענסטער אונטערשייד קען האָבן אַ ווערט פאַר דער געשיכטע פון דעם מנהג, און אויך די געאָגראַפישע פאַרשפרייטונג פון אַ מנהג איז זייער נייטיק צו וויסן.

# קורצע עטנאָגראַפּישע טערמינאָלאָגיע

## I. פּאָלקס־גלייבונגען

1. מנהגים. דאָס זייַען פּירונגען, וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות: א) צו געוויסע מאָמענטן פונעם מענטשלעכן לעבן, ווי געבוירן, חדר, בר־מצוה, חתונה, טויט; ב) צו פאַרשיידענע יומטובים; ג) אַהער געהערן אויך די פּירונגען פון פאַרשיידענע געשלאָסענע חברות אָדער גרופּעס (אַזוי זייַנען אונדז באַקאַנט די מנהגים פון דער חברה־קדישא, פון ישיבה־בחורים א״אַנד).

2. זאַבאָבאָנעס. א) אַזוי רופן מיר אָן דעם גלויבן פונעם פאָלקס־מענטש אין רוחות, גוטע און שלעכטע טעג, שעהען, מאָמענטן; אין כוח און איינפלוס פון פאַרשיידענע געגנשטאַנדן אויפן מענטשלעכן לעבן און מזל, ווי למשל: נאָך צוועלף אַ זייגער בייַנאַכט טאָר מען ניט אויסגיסן קיין פּאָמייעס; אויף זיך טאָר מען ניט נייען, ווייל מען וועט זיך פאַרנייען דעם שכל.

ב) כּלערליי מיטלען, מיט וועלכע מען פאַרהיט זיך און באַוואָרנט זיך פאַר אַ מעגלעכן אומגליק, אָדער פאַרקערט מען זוכט אַראָפּצוברענגען פאַר זיך אַ געוווּנטשענע דערשייַנונג.

די דאָזיקע טוונג רופן מיר: „מאַגישער אַקט״.

„אַז מען גיסט יאָ אויס די פּאָמייעס, זאָגט מען דריי מאָל: היט זיך!״

„נייט מען אויף זיך, דאַרף מען עפּעס קייַען״.

„אַז מען וויל, דער לעקעך אין אויוון זאָל וואַקסן, הייבט מען אויף די לאָפּעטע איינדערהייך״.

אייגנטלעך איז יעדע זאַבאָבאָנע פאַרבונדן מיט אַ מאַגישן אַקט. דאָרט אָבער ווו ער איז נישט פאַראַן, איז עס אַ סימן, אַז מיר האָבן באַקומען די זאַבאָבאָנע ניט אין איר גאַנצער פאָרם.

3. פּאָלקסמעדיצין באַנוצט זיך ניט נאָר מיט נאַטירלעכע היילמיטלען, נאָר אויך מיט מאַגישע. דערפאַר שיידן מיר אונטער:

א) רפואות — אַזוי רופן מיר אָן די אַלע קרייטעכצער, פאַרשיידענע קערפּערס, ווי אייזן, מעסערס, פליסיקייטן, אויך בעלי־חיים, וואָס ווערן באַנוצט אַלס היילמיטלען אָן קיין שום מאַגישע אַקטן.

„אַז מ׳האָט אַ קאַטער, האַלט מען אונטער דער נאָז אַן אונטערגערייכערטע פּעדער״;

„אַז ס׳ווערט געשוואָלן דאָס פּנים, לייגט מען צו אַ מייערקעפּל״;

„אַז מ׳האָט רעמאַטעס, נעמט מען אַרייַן אין שטוב אַ ים־חזירל״.

ב) סגולות זיינען די אַלע מאַגישע אַקטן, וואָס ווערן אויסגעפירט אַלס היילמיטלען אָדער דאַרפן צוגעבן די היילמיטלען (רפואות) אַ שטאַרקערע קראַפט און אַ זיכערע ווירקונג.

„אז איינעם ברעכט דער רוקן, דאַרף מען זיך אַוועקלייגן אויפן שוועל און אַ בכור דאַרף איבערטרעטן";

„קעגן געלזוכט טוט מען אָן אויף זיך גאָלדענע חפצים";

„אז מען וויל פאַרלירן זומערשפּרענקעלעך, דאַרף מען זיך איינוואַשן דאָס פּנים מיטן ערשטן און לעצטן שניי".

ג) אָפּשפּרעכעניש. אַ מאַגישער אַקט אין דער פאָרם פון אַ שפּראַך, וואָס דאַרף ברענגען די היילונג.

קעגן עין־הרע: „שלש נשים עומדות על שן סלע. אחת אומרת חולה ואחת אומרת אינו חולה אאז"ו".

„מייזעלע, מייזעלע, נאַ דיר אַ ביינערנעם [צאָן], גיב מיר אַן אייזערנעם!"

ד) שמירות ווערן גענוצט אויף אָפּצוּווענדן פון זיך וועלכע עס איז קראַנקייטן, אומגליקן אאַז"וו:

אויף צו שיצן זיך קעגן אַ גוט אויג דאַרף מען טראָגן אַ קמיע.

4. די פאָלקסמעטעאָראָלאָגיע טראַכט אויסצולייענען דעם קומעדיקן וועטער פון פאַרשיידענע דערשיינונגען.

„אז מ'זעט אַ בושל פליען, וועט זיין אַ רעגן".

„אז אַ גאַנדז שטייט אויף איין פוס, וועט זיין אַ פראָסט".

אַזוי ווי די פאָלקסמעטעאָראָלאָגיע באַשעפטיקט זיך מיט טרעפן דאָס וואָס דאַרף ערשט קומען שפּעטער, איז זי פאַרבונדן אַזויערנאָך אויך מיט אַ גאַנצער גרופּע פאָלקסגלייבונגען, וואָס זייער עצם מהות איז צו געבן צו וויסן דעם מענטשן וואָס עס וועט פאַסירן מיט אים אין דער נאָענטסטער צוקונפט. די נייגעריקייט צו וויסן וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען פאַר דעם מענטשן האָט באַשאַפן פאַרשיידענע געגנ געוווער צו ווערן וועגן דעם. די אַלע אופנים קענען מיר צעטיילן אין פאַסיווע און אַקטיווע.

פאַסיווע זיינען אַזעלכע דערשיינונגען, וואָס קומען אַליין פון זיך, און אָן דער מענטשלעכער מיטווירקונג באַוויזן זיי די צוקונפט. ביי אַקטיווע אָבער ווערן באַוווסטזיניק געשאַפן אַזעלכע באַדינגונגען אָדער מאָמענטן, פון וועלכע עס לאָזט זיך אויסדרינגען דער עתיד. צו פאַסיווע געהערן:

5. סימנים.

„ס'איז אַ שלעכטער סימן, אז ס'לויפט דורך אַ שוואַרצע קאַץ";

„אז מ'שטאַרבט פרייטיק, איז אַ סימן, אז מ'איז געווען אַ צדיק".

6. חלומות.

„אז ס'חלומט זיך א לעבעדיקער פיש, איז א סימן אויף געלט".

צו אַקטיווע געהערן:

7. טרעפעניש ן. מען פרווווט אַרויסלייענען דאָס מזל, דעם באַשערטן, זי' יאָרן וכד' פונעם שאָטן, פון שפּיגל, פון קאָרטן-לייגן, פון ביכלעך (אַזוי גערופענע „טרעפערס"), פון דער האַנט (חכמת היד), פונעם פּנים (חכמת הפּרצוף), פון שטערן (מזלות, אַסטראָלאָגיע).

„אז מען גייט הושענא-רבה פון שול, קוקט מען דיך אום. ווער ס'זעט ניט זיין שאָטן, דער וועט אין דעם יאָר שטאַרבן".

„פון די יומכיפּור-ליכט לייענט מען, ווער ס'וועט לענגער לעבן".

8. כּישוף. אַ באַשיימפּערלעכער אַקט, כּדי אַרויסצורופן אַ בילד, וואָס זאָל ווייזן די צוקונפט.

אויסטייטשן די דערשיינונגען, אָדער אויך אַרויסרופן זיי זיינען נישט אַלעמאָל מסוגל געוויינטלעכע מענטשן. אין אַ העכערער מאָס קענען דאָס טון טרעפערס און כּישוף-מאַכערס.

## II. קינדערשאַפונג

1. ציילעניש ן, אויסוואַרפעניש ן.

„איינס, צוויי, דריי, אזער ליבער ליי".

2. קינדער-שפּילן.

אין כאַפּעניש; שלי שלך.

3. קינדער-לידער.

א) מיט ניגונים (אין קאַראַהאָד-שפּילן — ליד פאַרבונדן מיט שפּיל).

ב) קינדער-שפּראַך (רעטשיטאַטיוו).

4. קייטל-לידער.

„משהלע מיין קינד, ווערן זאָלסטו בלינד, בלינד זאָלסטו ווערן..."

„אָב איז א פּאָטער..."

5. קינדער-רעטעניש ן.

„א פרוי זיצט אויפן דאַך און האַקט פּאַרפל, וואָס איז דאָס?"

6. חדר-לידער. אייגענע שאַפונגען, וואָס חדר-קינדער זינגען.

7. שפּאַס- און שפּאָט-לידער.

„איציק שפּיציק נאָדל טעשל..."

## III. פאָלקסדערציילונגען

1. ווונדער=מעשיות רופט מען אָן כלערליי פאַנטאַסטישע מעשיות פון פרינצן, בת=מלכות, פאַרבאַהאַלטענע אוצרות, פון איבערנאַטירלעכע וועלטן און דערשיינונגען, אין וועלכע ס'טרעטן אויף רוחות, לצים, שדים, ריידנדיקע פייגל וכדומה.

אַ גרויסן אוצר ווונדער=מעשיות אַנטהאַלטן די רביישע מעשיות.

2. לעגענדעס. דאָס זיינען מעשיות, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט באַ=שטימטע ערטער (שטעט), הייליקייטן (שולן, בית=עלמינס), הייליקע מענטשן (אליהו הנביא), היסטאָרישע פערזענלעכקייטן (יונתן פרעגער, נאַפּאָלעאָן), היסטאָרישע פאַקטן און געשעענישן.

לעגענדעס זיינען פאַראַן אַלגעמיינע פאַרשפּרייטע, ווי למשל: וועגן אליהו הנביא, ראָטשילד, אָדער לאָקאַלע, באַקאַנט נאָר אין געוויסע געגנטן, ווי צ"ב גר=צדק, אָדער נאָר אין איין איינציקן אָרט (צ"ב לעגענדעס וועגן געוויסע שולן).

3. מוסר=מעשיות (מגידות) האָבן אַ בפירושן מוסר=השכל. געוויינטלעך זיינען דאָס מעשיות דערציילט פון מגידים, צ"ב די מעשיות פון דובנער מגיד.

4. פלוידערייען. מעשיות, אין וועלכע ס'ווערן צונויפגעשטעלט נישט=געשטויגענע זאַכן, צ"ב: „אין תמוז אין די גרויסע פרעסט זיינען מיר געזעסן אין סוכה..."

5. גוזמאות. איבערטרייבונגען פון פּאַסירונגען און געשעענישן. צ"ב: איינער זאָגט, אַז ער האָט געזען אַ פליג אויפן שפּיץ טורעם, זאָגט דער צווייטער, אַז ער האָט געזען ווי די פליג האָט געגענעצט. אַהער געהערן די מעשיות פון די שטאָט=ליגנערס א"א.

6. אַנעקדאָטן רופט מען אָן קליינע הומאָריסטישע שפּאַס=דערציילונגען.

א באַזונדער אָרט פאַרנעמען:

א) די אַנעקדאָטן פון הערשל אָסטראָפּאָליער,

ב) מאָטקע חבד,

ג) פראָים גרייידינגער,

ד) די אומצאָליקע אַנעקדאָטן פון כעלעמער נאַראָנים.

7. וויצן. דאָס זיינען קורצע, שאַרפע אַנעקדאָטן, געוויינטלעך אין אַ דיאַלאָגישער פאָרם.

8. פסוקים פון תנ"ך, וואָס ווערן הומאָריסטיש אויסגעטייטשט, ווי ס'איז למשל דער שמייגער פון טייל שלום=עליכמס העלדן.

9. קינדער=מעשיות, וואָס מען דערציילט די קינדער און וואָס

קינדער דערציילן זיך. (דאָ קענען אַריינגיין אויך די אַלע אויסגערעכנטע קאַטעגאָריעס מעשיות.)

## IV. לידער[1]

1. רעליגיעזע לידער, וואָס זייער אינהאַלט איז גאָט, דאַוונען און מעשים-טובים. אַהער געהערן צ"ב: תחינות, גאָט פון אַברהם.

2. מוסר-השכל-לידער.

3. יומטובדיקע לידער זיינען פאַראַן ערנצטע און פרייליכע. זיי זיינען פאַרבונדן מיט פורים, שמחת-תורה אאַז"וו.

4. באַלאַדעס זיינען לידער מיט אַן עפּישן כאַראַקטער, וואָס דערציילן פון אַ געשעעניש.

5. היסטאָרישע לידער. אַהער געהערן: פּאָגראָם-לידער, מלחמה-לידער, רעוואָלוציאָנערע לידער, בכלל אַלע לידער, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אַ געוויסן כלל-געשעעניש אין אַ געוויסער צייט.

6. שטייגער-לידער שטאַמען פון קלאַסן אָדער גרופּעס אין אַ געזעלשאַפט און באַזינגען זייער לעבנס-שטייגער, פרייד און לייד. צו דער גרופּע קען מען צורעכענען: אַרבעטער-לידער, אַרבעטס-לידער, סאָלדאַטן-לידער, באַלעגאָלע-לידער, לידער פון דער אונטערוועלט א"אַנד.

7. לידער פון פאַמיליע-לעבן, ווי: חתן-כלה-לידער, חתונה-לידער, וויגלידער.

8. ליבע-לידער.

9. לידער פון פאַרשיידענעם אינהאַלט.

אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע זיינען

10. בדחנים-לידער.

## V. שפּריכווערטער און ווערטלעך

1. שפּריכוואָרט. דאָס אייגנטלעכע שפּריכוואָרט איז אַ פאָלקסטימלעכע מיינונג, אַרויסגעזאָגט אין אַ געשלאָסענעם זאַץ.

„בעסער אַ מיאוס פּנים איידער אַ בייז הארץ".

„ניט מיט שעלטן, ניט מיט לאַכן קען מען די וועלט איבערמאַכן".

---

1 די טערמינאָלאָגיע פון לידער איז געשטיצט אויף דער צעטיילונג פון ג. פרילוצקיס און י. ל. כהנס פאָלקסלידער-זאמלונגען.

2. גליי כוואָרט (אָדער גלייך וואָרט[1], גלייכווערטל) איז אַ מין שפּריכ־וואָרט מיט אַ מער הומאָריסטישן אינהאַלט.

„משכון בבית שלום בקעשענע".

„יחוס נאַ קברות, אַ דאַמאַ צרות".

3. ווערטל איז אַן אַפּאָריזם, אַ שפּרוך, וואָס זיין אָפּשטאַם פֿון אַ מקור לאָזט זיך באַווייזן, אָדער ביים אַרויסזאָגן ווערט דערמאָנט זיין אָפּשטאַם. אַהער באַלאַנגען אַלע ווערטלעך פֿון רביים, צדיקים אאַז"וו.

„קדושה קומט ניט בירושה" (דער „החוזה").

„אַ בטלן פֿאַר זיך, אַ חכם פֿאַר יענעם" (דער „ראַדאָשיצער").

„אָפּגערעכנט איז האַלב באַצאָלט" (דער פּשיסכער).

4. רעדנסאַרט איז אַ שפּריכווערטערלעכע פֿאָרם, וואָס איז געבויט אויף אַ פֿאַרגלייכעניש אָדער אויף אַ געוויסן קאָנקרעטן ביישפּיל, און איר אינ־האַלט ווייזט אַרויס אַ געוויסן שפּראַכלעכן אָדער קולטורגעשיכטלעכן ווערט.

דער הויפּט־סימן פֿון אַ רעדנסאַרט איז, וואָס זי איז ניט זעלבשטענדיק ווי אַ שפּריכוואָרט, נאָר צונויפֿגעבונדן מיט אַ זאַץ.

„[ער כאַפּט] די פֿיש פֿאַר די נעץ".

„[ער שרייבט] נח מיט זיבן גרייזן".

אָפֿטמאָל איז דער פֿאַרגלייך אַ וויציקער:

ער שיינט ווי די לבנה אין קרימען.

ער לויפֿט ווי אַ מויז איבערן צימבל.

אַהער באַלאַנגען אויך אַזעלכע אויסדרוקן ווי:

„מעשה־סדום".

„אַלטער תּרח".

5. זאָגוואָרט זעט אויס ווי דער אויספֿיר פֿון אַ מעשהלע אָדער אַנעקדאָט:

„דער שמש קלאַפּט אין שול אַריין, און אַליין לייגט ער זיך שלאָפֿן".

„חוזק איז אַמאָל געפֿאַלן, האָט ער ניט געוואָלט מער גיין".

6. צושפּראָך רופֿט זיך אַן אויסדרוק, וואָס ווערט צוגעגעבן ביי גע־וויסע פֿאַלן, צי צוליב ריין־רעליגיעזע טעמים, צי כּדי אָפּצוּווערן אַ שלעכטע ווירקונג.

„מירצעשעם" [„אם ירצה השם"]. „ניטאָגעדאַכט, ניט פֿאַר קיין יידן געדאַכט".

„אַל תּפתּח פּה לשטן". „בלי נדר".

7. שפּעט־לשון ווערן אָנגערופֿן די ווערטער, וואָס דאָס פֿאָלק מאַכט איבער צוליב אָפּלאַכן:

---

1. אַרויסגערעדט אָפּגעטיילט.

„גפּלט־שמעלט". „ליבע־שמיבע".

„געניידעס" [=איידעס];

„דייטשון". „שלעפּורע". „לערערושקע".

8. ברכות. 9. קללות. 10. שבועות. 11. ווינטשעניש.

# ווי אַזוי דאַרף מען זאַמלען

1. יעדער זאַמלער דאַרף מיט זיך טראָגן אַ בלאָקנאָט און אַ בלייפעדער, און נישט נאָר דאַן ווען ער גייט זאַמלען, נאָר שטענדיק; גראָד אויף דער גאַס, צי אין שטוב ווו ער איז צופעליק אַריין, קען ער עפּעס דערהערן וואָס עס קען האָבן אַ ווערט.

בעסער איז זיך ניט צו פאַרלאָזן אויפן זכרון און אויפן אָרט פאַרשרייבן.

דאָרט ווו מען קען ניט אַלץ פאַרשרייבן וואָס יענער דערציילט, דאַרף מען מאַכן וואָס מער נאָטיצן פון: כאַראַקטעריסטישע ווערטער, ווענדונגען, אאַז"וו. קומענדיק אַהיים דאַרף מען באַלד פאַרצייכענען די מעשה.

ביים פאַרשרייבן וואָסערע ניט איז מאַטעריאַלן דאַרף מען זיך האַלטן אָן אונדזערע כללים פאַר זאַמלער, וואָס ווערן געבראַכט צום סוף.

2. געוויינטלעך אַז מען בעט איינעם ער זאָל עפּעס דערציילן באַקומט מען אַן ענטפער: איך ווייס נישט וואָס צו דערציילן. אַמאָל קען ער זיך גראָד טאַקע גאָרניט דערמאָנען, דאַרף מען שטענדיק זען דורך פאָרזיכטיקע פראַגעס העלפן דעם דערציילער זיך צו דערמאָנען: צי ווייסט איר ניט עפּעס פון אַזאַ מנהג, אָדער האָט איר ניט געהערט פון אַן ענלעכן אאַז"וו.

אַזעלכע אָריענטיר־פראַגעס ווערן שטענדיק אָנגעגעבן אין די אַנקעטעס.

די אַנקעטע איז בעסער ניט צו ווייזן דעם, פון וועלכן מען וויל עפּעס אַרויסבאַקומען.

דערציילנדיק און פונאַנדערשמועסנדיק זיך דערמאָנט זיך יענער אין זאַכן, וואָס האָבן אפשר צו דער פראַגע ניט קיין שייכות, דאַרף מען אָבער די געלעגנהייט ניט דורכלאָזן און דאָס אויך פאַרשרייבן.

גאָרניט דורכלאָזן וואָס עס קען האָבן אַ ווערט!

3. יעדערער קען דאָ צולייגן אַ האַנט; ווער ס'האָט נאָר אַ ביסל חשק און פאַרשטאַנד פאַר דער זאַך קען דאָ ברענגען אַ גרויסן נוצן דער יידישער וויסנשאַפט.

בפרט קענען דאָ אַ סך אויפטון:

a) די וואָס שטייען נאָענט צו פאָלקסמענטשן, האָבן זייער צוטרוי, זיינען גוט באַקאַנט מיט זייער לעבן;

b) לערער, וואָס קענען אין דער אַרבעט אַריינציען די שול־קינדער, זייערע עלטערן און באַקאַנטע.

c) קולטור־אָרגאַניזאַציעס, יוגנטאָרגאַניזאַציעס, קלובן א"דגל.

4. די אַרבעט ווערט אינטענסיווער און פאַרצווייגט זיך, אויב זי ווערט געפירט אין אַ זאַמלער־קרייז (ער מוז ניט דווקא זיין אַ גרויסער). אַ בשותפותדיקע אַרבעט פאַרשטאַרקט דעם אימפעט.

5. אַ זאַמלער דאַרף זען צוציען אַלץ נייע מענטשן צו דער זאַמל־אַרבעט, ניט נאָר אין שטאָט גופא, נאָר אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך. אומעטום און ביי יעדער געלעגנהייט דאַרף ער אויפקלערן, ווי נייטיק עס איז אויפצוהיטן אונדזער פאָלקסשאַפונג.

6. כדי צו פּאָפּולאַריזירן דעם געדאַנק, קען מען אויסנוצן די אָרטיקע דראַמאַטישע קרייזן, כאָרן, דעקלאַמאַטאָרן און איינאָרדענען אָוונטן פון יידישער פאָלקסמוזיק, פאָלקסטענץ, אָוונטן פון יידישע לידער, מעשיות אאַז״וו.

# כללים פאַר זאַמלער

1. איר זאָלט קיינמאָל ניט מיינען, אַז איר פאַרשפּאָרט צו פאַרשרייבן עפּעס, ווייל „ס׳איז שוין געוויס פאַראַן“. האָט אין זינען: בעסער צו פיל איידער צו ווינציק. ס׳קאָן זיין, אַז די זאַך איז שוין טאַקע פאַרצייכנט, נאָר אַ ביסל אין אַן אַנדער נוסח; און חוצדעם איז פאַר דער וויסנשאַפט וויכטיק פעסטצושטעלן, ווי ווייט עס גרייכט דער שטח וווּ אַן עטנאָגראַפישע דערשיינונג איז פאַרשפּרייט.

2. מיטטיילן דאַרף מען קודם־כל דאָס, אין וואָס מען איז אינגאַנצן זיכער. אויב ס׳איז ביי אייך גופא אַ ספק, גיט צו: „דוכט זיך“, „לייט זאָגן“, „דער און דער זאָגט“. אויב איר ענטפערט אויף אַן אַנקעטע, לאָזט דורך אַלע פראַגעס וועגן וועלכע איר ווייסט גאָרניט.

3. דעם מאַטעריאַל שיקט בעסער צו ביסלעכווייז. אויב ס׳איז אייך עפּעס ניט קלאָר, פרעגט זיך אָן.

4. פאַרשרייבן דאַרף מען ווי ווייט מעגלעך לויט דער אָרטיקער אויסשפּראַך, ניט „ליטעראַריש“, עס מעג אפילו זיין ניט גראַמאַטיקאַליש. אויך ווערטער פון העברעיִשן אָפּשטאַם דאַרפן געשריבן ווערן לויט דער אויסשפּראַך, („מירצעשעם“, „שימשן אַגיבער“).

5. פאַרלאָזט זיך ניט צו שטאַרק אויף אייער זכרון. פאַרצייכנט באַלד, אויב איר הערט עפּעס אינטערעסאַנטס.

a) איידער איר הייבט אָן עפּעס צו פאַרשרייבן, פרעגט יענעם, פון וועמען איר פאַרשרייבט, צי האָט ער ניט געלייענט אין אַ געדרוקט ביכל דאָס, וואָס ער וויל דערציילן אָדער זינגען.

b) מען טאָר בשום אופן ניט אונטערזאָגן און פאַרריכטן דעם דערציילער אָדער זינגער.

6. ניט=אָנשטענדיקע, גראָבע זאַכן דאַרפן אויך פאַרשריבן ווערן. די עטנאָגראַפיע קומט ניט מיט קיין עסטעטישער מאָס און פאַרצייכנט אַלצדינג וואָס עס איז דאָ אין פאָלקסלעבן.

7. פאַרשרייבט וואָס פינקטלעכער אַלץ וואָס דער דערציילער זאָגט, מעגן עס זיין אומזיסטע ווערטער (ווי למשל, „נו,... אַן ערך,... ווי זאָגט מען דאָס...") אָדער איבערגעחזרטע פראַזעס. וואַרפט גאָרניט אַרויס, גיט גאָרניט צו. מען דאַרף ניט וועלן מאַכן „שענער"; מען דאַרף געטריי איבערגעבן אַלע ווענדונגען און ווערטלעך אַזוי ווי מען האָט געהערט.

8. אויב איר ברענגט פאָלקסווערטער, וואָס זיינען באַקאַנט נאָר אין אייער געגנט, אָדער אין דער ליטעראַטור ווערן זיי באַנוצט מיט אַן אַנדער פשט, גיט אונטער דעם צו די דערקלערונג.

9. די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע דאַרף איבערקוקן אַ סך מאַטעריאַל, און איר מוזט זען ווי וויט מעגלעך איינצושפּאָרן איר איבעריקע אַרבעט.

זייט זיך דעריבער נוהג אַזוי:

א) יעטווידער דערשיינונג (ליד, גלייבונג, מעשה אאַז"וו) פאַרשרייבט אויף אַ באַזונדער בלאַט פּאַפּיר; ביי קליינע פאַרשרייבונגען ניצט קוויטלעך 9×11 סאַנטימעטער (אַ פערטל פון אַ שרייבהעפט=בלעטל), ביי גרעסערע — טאָפּעלע אָדער פירפאַכיקע קוויטלעך.

ב) ווען איר הייבט אָן שרייבן, טרעט אָפּ פון אויבן אויף אַ פינגער די ברייט און לאָזט אַ פרייען ברעג; דערנאָך שרייבט אָן אויבן די שטאָט, דעם קרייז (פּאָוויאַט) און די פּראָווינץ ווו איר האָט דאָס פאַרשריבן.

ג) אויב עס האַנדלט זיך וועגן קליינע זאַכן (למשל שפּריכווערטער), וועלכע איר ווילט ניט שרייבן אויף באַזונדערע קוויטלעך, לאָזט אומבאַדינגט צווישן איין זאַך און דער צווייטער אַ פרייען אָרט פון צוויי פינגער די ברייט.

ד) אויב דער מאַטעריאַל איז געהערט פון אַ צווייטן, שרייבט צו אונטן פון וועמען (זיין נאָמען, פאַמיליע, עלטער און באַשעפטיקונג). אויב יענער איז פון אַן אַנדער שטאָט, דאַרף מען פאַרשרייבן די שטאָט פון וואַנען ער איז. אויב יענער האָט דאָס געהערט פון נאָך אַן אַנדערן דאַרף מען פאַרשרייבן אויך יענעמס נאָמען אאַז"וו, ווי אויך די צייט ווען ער האָט עס געהערט. גאָר אונטן שרייבט אָן די דאַטע און אייער נאָמען.

ה) שרייבט אומבאַדינגט נאָר אויף איין זייט פּאַפּיר, מיט טינט.

10. דער אַדרעס פאַר אַלע שיקונגען צו דער עטנאָגראַפישער קאָמיסיע איז:

T-wo Przyjaciół Żydowskiego Instytutu
Naukowego, W. Pohulanka 18, Wilno.